# חורבן קהילת שצוצין

(ביליסט.)

## דער חורבן פון דער שצוצינער קהילה

(ביאליסטאָקער וואָיעוודזטווע)

הוצאת ארגון יוצאי שצוצין וקופת גמילות חסדים
ע״ש קדושי שצוצין בישראל

תשי״ד תל-אביב 1954

# הקדמה

הזכרונות והרשימות המופיעים בספר זה, נכתבו אמנם לפני כמה שנים אך ערכם ההיסטורי לא פחת. הם מספרים לנו על מות קדושים של אחינו ואחיותינו, תושבי קהלת שצוצין החרבה. למעלה מעשר שנים חלפו מאותו היום המר והנמהר בו הורם הגרזן על תושבי שצוצין, אך הכאב צורב והפצע שותת דם כאלו אתמול קרה האסון. זכרם לא ימוש מזכרוננו לעד.

עקב המחסור בכספים נתאחרה הדפסת הספר, אך להודות לבקור האורחת החשובה בת עירנו, הגב. חיה לאה סנדר חלחובסקי מאמריקה, בת המנוח ברוך חלחובסקי ואחות המנוח אברהם יהושע חלחובסקי ז"ל, המחנך העברי בעירתנו, שתרמה תרומה כספית ניכרת, ניתנה לנו האפשרות להוציא לאור את הספר „חורבן קהלת שצוצין", ובזה להקים מצבת — זכרון — עולם, לקדושים והטהורים היקרים לנו. בעד תרומתה זו, ראויה הגב. סנדר חלחובסקי, לתודה עמוקה מכל יוצאי שצוצין אשר בארץ ובתפוצות.

זה יותר משנתיים שאנו התכוננו להוציא את הספר „יזכור". פנינו לפיזורי בני עירנו בעולם כולו, שישלחו לנו נקרולוגים ורשימת הנפטרים. לדאבוננו הרב רק חלק קטן משארית הפליטה המציא לנו את החומר המבוקש. לכן החליט ועד ארגון יוצאי שצוצין בישראל, להוציא לאור את הספר בצורת חוברת שלא יפורסמו בה כל נקרולוגים.

הוצאנו את הספר באידיש ולא בעברית, היות ולא עלה בידינו, מטעמים תקציביים, להוציא שני ספרים נפרדים בשתי הלשונות. ועם קוראינו — הסליחה.

יבואו על הברכה בני עירנו בארץ ובחוץ לארץ שבזכות עזרתם ומסירותם ראה ספר זה אור.

יהא — נא הספר יד ושם לכל הקדושים והטהורים של קהלת שצוצין — בין שנפקדו כאן ובין שלא נפקדו.

ת. נ. צ. ב. ה.

**ישעיהו סקובלסקי**

# פאַרוואָרט

די זכרונות און אַרטיקלען, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך זענען געשריבן געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק, זיי האָבן אָבער נישט פאַרלוירן זייער אַקטואַליטעט, ווייל זיי דערציילן וועגן דעם קדושים־טויט פון אונזער שצוצינער קהלה. הגם ס׳איז שוין פאַריבער מער ווי 10 יאָר, ווי מען האָט זיי פאַרניכטעט, אָבער פאַר אונז איז עס ווי נעכטן וואָלט עס געשען. אייביק וועלן זיי זיין איינגעקריצט אין אונזער זכרון. די זכרונות און אַרטיקלען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן מיט צער און מיט טרערן, וועלן אונז אייביק דערמאָנען אָן אונזערע ליבסטע און טייערסטע, וואָס זענען אַזוי טראַגיש און אכזריותדיק אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד.

צוליב פינאַנסיעלע סיבות האָבן מיר פאַרשפּעטיקט מיט דעם דרוקן דאָס בוך; ערשט דער באַזוך פון אונזער חשובע בת־עיר, פרוי חייה־לאה סענדער־כעלכאָווסקי, פון אַמעריקע, די טאָכטער פון המנוח ברוך כעלכאָווסקי ז״ל און די שוועסטער פון המנוח אברהם יהושע כעלכאָווסקי ז״ל. דער העברעאָי־שער לערער פון שצוצין — האָט מעגלעך געמאַכט, אז דאָס בוך „דער חורבן פון דער שצוצינער קהלה״, זאָל דערזען די ליכטיקע שיין.

פרוי חיה־לאה סענדער כעלכאָווסקי האָט מנדב.געווען די גרעסטע טייל סומע, אויף אַרויסצוגעבן דאָס בוך.

איך גלויב, אַז נישט בלויז מיר לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין מדינת ישראל, נאָר אַלע שצוצינער לאַנדסלייט אין דער גאַנצער וועלט, זענען

זייער דאַנקבאַר דער פרוי חיה־לאה סענדער־כעלכאָווסקי, פאַר איר שיינער טאַט צו העלפן שטעלן א מצבה אונזערע ליבסטע און טייערסטע.

בעת מיר האָבן זיך געגרייט ארויסצוגעבן דאָס יזכור־בוך מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָבן מיר זיך געווענדעט צו אונזערע לאַנדסלייט אין דער וועלט, זיי זאָלן צושיקן נעקראָלאָגן נאָך זייערע נאָענטסטע און א רשימה פון נעמען פון די אומגעקומענע. ליידער האָט זיך א קליינער טייל פון די שארית הפליטה אָפגערופן, און כדי ס'זאָל נישט זיין קיין טענות, האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן ארויסצוגעבן דעם יזכור־בוך אין א קליינעם פאָרמאַט און נישט פאַרעפנטלעכן קיין שום נעקראָלאָגן.

ישעיהו סקובעלסקי



די גרויסע שול

סקובעלסקי ישעיהו

# יידן אין שצוצין ביזן חורבן

פיל מאָל שטעלט מען זיך אליין די פראגע :

פארוואָס דארף מען אזוי פיל שרייבן און רעדן וועגן שטעטעלע שצוצין, וועלכעס האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן ווי א יידישער ישוב ?

אויף דער פראגע קומט א פשוטער ענטפער : מיר טאָרן נישט פארגעסן, אז דאָרט, אין דעם פוילישן שטעטל, איז געווען א יידישער ישוב, וואָס איז חרוב און אָפגעמעקט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע פויליש־אנטיסע־מיטישע מיטהעלפער. מיר וועלן קיינמאָל נישט פארגעסן דאָס שיינע יידישע לעבן, וואָס האָט דאָרט עקזיסטירט אין משך פון הונדערטער יאָרן. יעדעס מאָל ווען מיר, די בני עיר, קומען זיך צונויף, דערמאָנען מיר אונזערע נאָ־ענטסטע און טייערסטע, מיט וועלכע מען האָט זיך אויפגעהאָדעוועט צוזאמען און פארבראכט אונזערע בעסטע יוגנט־יאָרן, געלערנט צוזאמען אין די חדרים, ישיבות, שולן, געווען שפּעטער אין אָרגאניזאציעס, און אזוי צוזאמען צענד־ליקער יאָרן, ווער בעסער, ווער ערגער, ביז דער גורל האָט יעדן איינעם געפירט אין אנדערן וועג. ווער ס'האָט געהאַט די זכיה זיך באצייטנס ארויס־צובאקומען זיך פון דעם שטעטעלע און געלאָזן זיך וואנדערן אין דער גרויסער וועלט, ווער עס האָט פארווירקלעכט דעם גרויסן אידעאל פון ישוב ארץ־ישראל און א דאנק דעם זיך געראטעוועט פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג. עס איז די אויפגאבע פון אונז לעבנגעבליבענע — דורך זכרונות פאראייביקן די וואָס זענען דאָרט פארבליבן און האָבן טראגיש פארענדיקט זייער לעבן אין יועגן ווקס און אנטוויקלונג פון יידישן שצוצין.

אין די ווייטער געבראכטע שורות וויל איך געבן א קורצן איבערבליק זייער הייליקן אָנדענק, פאר די צוקונפטיקע דורות.



מאַרק-גאַס מיטן גערטנדל אין דער מיט



די שול און די פּאָסט



א מארק-טאג

נישט ווייט פון דער אמאָליקער דייטשער גרענעץ, ליגט דאָס שטעטע־לע שצוצין, 14 קילאָמעטער פון גרייעווע און 21 קילאָמעטער פון סטאַוויסק, אויפן וועג קיין לאָמזשא. די דאָרטיקע יידן האָבן זיך פאַרנומען אמערסטן מיט האנדל און מלאכה, אלע געשעפטן זײַנען געווען יידישע, בלויז איינצל־נע האָבן געהאט קריסטלעכע באלעבאטים. 2 מאָל אין וואָך זענען געווען מארק־טעג — דינסטיק און פרייטיק. אויף די ירידים זענען געקומען די פויערים מיט זייערע פראָדוקטן, ווי: אייער, הינער, פּוטער, קאַרטאָפל א.אוו. און האָבן זיי פארקויפט צו די יידן. פאר דעם אָנגעלייזטן געלט האָבן די פויערים געקויפט ביי די יידן: קליידער, געטראַנקען א.ד.ג. אזוי איז געגאַנגען דאָס לעבן ביז היטלער איז געקומען צו דער מאכט און דער אנטי־סעמיטיזם האָט זיך פארשטאַרקט, דער האנדל איז ארויסגענומען געוואָרן פון די יידישע הענט.

אין שצוצין זענען געווען 2 בתי־מדרשים, איינער — **דער נייער בית־מדרש** אין דער וועסאלער גאס, און דער אלטער בית־מדרש אויפן נייםטאָט און א גרויסע שול מיט א שיינעם ארון קודש.

דער אָרון קודש אין דער גרויסער שול פאָרטאָגראפירט אין יאָר 1916



עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס: משה גאלאנט ז״ל און ישעיהו סקובעלסקי

שצוצין איז געווען בארימט מיטן גאון הדור, הרב ר׳ יאָסעלע זצ״ל, וועמענס טעטיקייט לטובת הכלל איז גוט באקאנט דעם עלטערן דור. נאָך זיין פטירה האָט מען אויף זיין קבר געוואָרפן קוויטלעך. היינט איז אפילו קיין זכר נישטאָ פון זיין קבר ווי אויך פון אלע קברים פון בית־עולם. די פאָליאקן האָבן דעם בית־עולם צעאקערט און דאָרט געזעצט קארטאָפל.



הרב הגאון, ר׳ יאָסעלע זצ״ל

נאָך דער פטירה פון הרבה״ג ר׳ יאָסעלע זצ״ל, האָט דער ועד הקהלה זיך געווענדעט צו זיין זון הרב ליפא חיים זצ״ל, ער זאָל איבערנעמען דאָס רבנות אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. שפּעטער איז אויסגעוויילט געוואָרן דער וויש־ניעווער רב, הרבה״ג אליהו צבי עפרון זצ״ל. ער איז צוזאמען מיט אלע שצו־צינער בעלי־בתים ארויסגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם, און דאָרט פאר־פייניקט געוואָרן.

— • —

איידער דער אנטיסעמיטיזם האָט פארפלייצט דאָס שטעטל, האָבן יידן זיך דאָ געפילט ווי בעלי־בתים און שטאָלצירט מיט זייער יידישקייט. פאר יידן איז אלץ געווען אָפן: דער מאגיסטראט, די רעגירונגס־אינסטיטוציעס און אלע אנדערע אמטן. די שצוצינער שטאָט־פארוואלטונג האָט געהאט 24 ראטמענער אין שטאָט־ראט, פון זיי זענען 16 געווען יידן און 8 פּאָליאקן. ס׳האָבן געארבעט אין מאגיסטראט 3 יידישע באאמטע. עס זענען געווען לאווניקעס: ר׳ הלל בער שיינבערג ז״ל, אברהם חנא פינקעלשטיין ז״ל, ווי אויך, להבדיל לחיים, ה׳ ברוך פישל זעמעל.

אין געריכט איז געווען א יידישער לאווניק, מיין אומפארגעסלעכער פּאַטער ר׳ אברהם חיים סקובעלסקי ז״ל, וואָס פלעגט משפטן „ספּראוועס״ צוזאמען מיט די פוילישע ריכטער. זיין פארטרעטער איז געווען ה׳ סלוצקי הערש ז״ל.

— • —

אין דער יידישער קולטור־טעטיקייט האָט דאָס ערשטע אָרט פארנומען די דערציאונג. עס זענען געווען פּריוואטע 3 חדרים, ווו די קינדער זענען דערצויגן געוואָרן אין פרומען גייסט. געווען אויך געזעלשאַפטלעכע רעלי־גיעזע דערציאונג־אנשטאלטן, ווי: די תלמוד־תורה און ישיבה. דאָרט האָבן געלערנט קינדער פון שצוצינער עלטערן, און קינדער וואָס זענען געקומען פון די ארומיקע שטעטלעך. די פרעמדע קינדער האָבן געגעסן טעג ביי באַ־לעבאטים. די ביידע תורה־אנשטאלטן זענען אויסגעהאלטן געוואָרן פון נדבות און פון שטיצע, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער קהלה און שטאָט־פאר־וואלטונג.

אויך דאָס מאָדערנע שול־וועזן האָט פארנומען אַן אָרט אין יידישן שצוצין. עס איז געווען א חדר־מתוקן און א העברעאישע שול, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון העברעאישן לערער יהושע כעלכאָווסקי ז״ל. א טייל יידישע קינ־דער האָבן געלערנט אין דער פוילישער מלוכה־שול, די אזוי גערופענע „שאַ־באַסוווקעס״, ווו עס האָבן געלערנט אויסשליסלעך יידישע קינדער. אין שבת איז די שול געווען געשלאָסן. בראש פון דער פוילישער שול איז געשטאַנען ה׳ וועלוול בערגשטיין ז״ל.

די לערער פון דער „פּאָוושעכנער" שול



**עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** דינה ראָזען, יאנקול בערמאַן, רחל טעטענבאום, און פאני בערגשטיין. **עס זיצן:** הינדה קיימאן, וועלוול בערגשטיין און שיינצ׳ה לעוו

די ציוניסטישע אָרגאניזאציע, וואָס האָט זיך גערופן „בני ציון", האָט געפירט א ברייט־פארצווייגטע קולטור־טעטיקייט. אין איר לאָקאל איז געווען א ביבליאָטעק מיט העברעאישע, יידישע און פוילישע ביכער און א לייען־זאל. עס זענען געפירט געוואָרן אָוונט־קורסן, ווו מ'האָט געלערנט העברעאיש, יידישע געשיכטע, יידישע ליטעראטור, פאלעסטינאָגראפיע און ענגליש. בראש פון די קורסן איז געשטאנען דער העברעאישער לערער זילבערשטיין. ה' ברוך פישל זעמעל איז געווען דער פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע.

א חוץ דער אלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאניזאציע זענען אויך געווען א ריי ציוניסטישע יוגנט־אָרגאניזאציעס, ווי: „הרצליה", „החלוץ", „השומר הצעיר", „החלוץ מזרחי".

די גאנצע שצוצינער ציוניסטישע באוועגונג האָט אָנטיילגענומען אין דער ארבעט פארן ישוב אין ארץ־ישראל, געזאמלט געלט פאר קרן קימת, קרן היסוד און זיך באטייליקט אין אלע ציוניסטישע אקציעס. די ציוניסטן האָבן געהאט זייערע פארטרעטער אין קהלה, שטאָט־פארוואלטונג און אנדערע אינסטיטוציעס. אין 1925 זענען פון שצוצין ארויסגעפאָרן גרעסערע גרופן קיין ארץ־ישראל. אין דעם זעלבן יאָר 1925 איז געווען אין שצוצין און אין ארומיקע דערפער א הכשרה־פונקט פון „החלוץ", ווו עס זענען געווען א 150 חברים־ות פון אלע ארומיקע שטעט, ווי: לאָמזא, אָסטראָ־לענקא, זאמבראָוו, גרייעווע, אוגוסטאָוו א. אנד. די יוגנטלעכע האָבן דורכ־געמאכט די הכשרה ביי די ארומיקע פריצים און שפעטער זענען זיי באשטע־טיקט געוואָרן צו באקומען סערטיפיקאטן און עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

די פאַרוואַלטונג „בני־ציון“ אין יאָר 1917



**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס : ה"ה :** יצחק משה וואפינסקי, דוד שיינבערג, ברוך לייזער סקובעלסקי און שיע־מרדכי בערגשטיין. **עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס :** בערל פענזון, שלמה קיימאַן, ברוך סימענסקי, לייבול דיבלענסקי און מאַטול פענזון

די פאַרוואַלטונג „בני־ציון" אין יאָר 1926




**עס זיצן פון רעכטס איף לינקס:** נאַטקה רובינאָוויץ, ברוך לייזער סקובעלסקי, פייגול שיינבערג, ליבול פינקעלשטיין, ברוך פישל זעמעל, חיה ניימאַן און שלמקה שיינבערג
**עס שטייען:** יצחק משה וואַפינסקי, יוסף שערעשעווסקי און בערל פענזוך

קרן היסוד קאָמיטעט אין יאָר 1925



**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס:** שלמקה שיינבערג, נטאקה, רובינאָוויץ, הרב רובינזאָן, ברוך פישל זעמעל און ברוך לייזער סקובעלסקי. **עס שטייען:** לייבל פינקעלשטיין, יוסף שערעשעווסקי און סאָסנאָווסקי הערשל.

קרן קימת קאָמיסיע




**עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** ישעיהו סקובעלסקי, קובוש שיינבערג און אברהמ'ל עבענשטיין
**עס זיצן:** שפרינצה לייזעראָן, פייגול שיינבערג (**מורשה**) און זעלדה פינטעל.
**ווייטער זיצן:** לייקי שיינבערג און יענטה פינקעלשטיין

קרן קימת קאָמיסיע אין יאָר 1935



**זיצנדיק, פון רעכטס אויף לינקס:** שייצאק בראנערוויין, חייצ׳ה סאוויצקי, נחום וויינגראָווסקי, ברוך פישל זעמעל (**מורשה**), ישעיהו סקובעלסקי, שרקה זעמעל און איטקה קיימאן, **שטייענדיק:** וועלוול פינקעלשטיין, בלומבערג גיטל, זילקעוויץ אהרן דוד, מינה ראדישקאנסקי, קאצפער און מאשא ניצ׳קאָווסקי
**די דריטע שורה:** משקה דענעמארק, רבקה פינקעלשטיין, דובה ניצ׳קאָווסקי, ליכטענשטיין רייזקה, דאבי פינקעלשטיין און חיים אלי פינקעלשטיין

קרן קימת לישראל באזאר אין יאָר 1934



**שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** ליילה לייבזאָן, יהודה דאלינסקי, שיינצ׳ה לאצפעראָווסקי, שרקה זעמעל, יעקב סאווצקי, גיטל בלומבערג, זעלדה שיינבערג, חיה זבאר, מאשה סאָסנאָווסקי און עטקה סקובעלסקי **עס זיצן:** ראדזימינסקי, מערקי ראָזען, פולקי ראָזענטאל, שייצאק בראנערוויין, נחום וויינגראָווסקי, שיינה מלוואסקי, ברוך פישל זעמעל, ישעיהו סקובעלסקי, זבאר מרדכי, לייזערזאָן **זלמנס ווייב**, יצחק משה וואפינסקי און יהודית ראָזענטאל. **די דריטע שורה:** דאבי ניצקאָווסקי, שרה גאָלדינג, גאמזאן, מאשא ניצקאָווסקי, רייזול ליכטענשטיין, דאלינסקי און סטאוויסקאָווסקי

קרן קימת קאָמיטע



**די ערשטע שורה: פֿון רעכטס אויף לינקס:** מאיר לייזערזאָן, קיימאן, ניסן קיימאן, מינה שיבליינסקי, יערוחאמאָוויץ אברהם יצחק און לייבול ראָזענטאל. **די צווייטע שורה:** וואפינסקי רבקה, דענעמארקביילקה נחום וויינגרובסקי, אלתר ביבליאָוויץ (**מורשה**) שמעון סטאלניקעוויץ, ריבה קאפלאן, ניימאן משה אהרן, און אזעראָוויץ בנימין. **די דריטע שורה:** בלומערט מאטי, יערוחאמאָוויץ לייבול, פינקעלשטיין ראובן און טראלקי גראיעווסקי. **די 4־טע שורה:** זילקעוויץ, געלבערג בלומקה, קעלסאָן אלטקה, פאנוש אלימלך און יערוחאמאָוויץ לייבול

די פאראוואלטונג פון „הרצליה"




**עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** קובערסקי הענאָך, מיטעק בערגשטיין, שיינצ׳ה קאצפעראָווסקי, משקה טעטעובאום און אברהם לייזערזאָן. **עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס:** רבקה דאנילעוויץ, צ׳עשניק, **א העברעאישער לערער** און שיינקה סקובעלסקי: **עס ליגן:** איצ׳אק גוזאָווסקי און ידידיה סאָסנאָווסקי

די פאַרוואַלטונג פון „החלוץ" אין יאָר 1925




**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס:** יאנקול גארבארסקי, לוי שיינבערג און ישעיהו סקובעלסקי.
**עס שטייען:** שלמה ראמאַראָווסקי און שטרומילאווסקי צבי

דער „החלוץ" אין יאָר 1925



**עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** דבורצי טעטענבאום, ניסן קיימאן, ישעיהו סקובעלסקי, עטול שיינבערג לוי שיינבערג, יאנקול גארבארסקי און ראובן פינקעלשטיין. **עס זיצן:** חיים בעריס, ניסקה קיימאן, לייקה שיינבערג, אברהם סאָסנאָווסקי, חוה שיינבערג, משה אהרן ניימאן און בערמאן אברהם. **עס זיצן:** יאָסל דארף, חנצ׳ה טעטענבאום, העניעק שטייגמאן און שיינדול סאוויצקי. **עס ליגן: קובוש שיינבערג און** משקה טעטענבאום

א גרופע פון דער הכשרה־קיבוץ אין יאָר 1925



עס שטייען: **דער ערשטער** ישעיהו סקובעלסקי **און דער לעצטער** קובוש שיינבערג
עס זיצן: **דער ערשטער** חעניעק שטייגמאן **און די פערטע** — חייה גאָלדינג

די פארוואלטונג פון השומר הצעיר אין יאָר 1926




**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס:** נחום וועגנראָווסקי, פשקה טיקאצינסקי, יאנקול דענעמארק, ריבה קאפלאן און אברהמ׳ל גוטמאן

דער „החלוץ" אין יאָר 1931



**שטייען פון רעכטס אויף לינקס די ערשטע שורה:** דעם רימארז זון, יוסף לובעצקי, ליכטענשטיין, שווארצ־בערג, מאיר בערמאן, **די 2־טע שורה:** יצחק לובעצקי, אהרן לעוואר, גאמזאן, מאשי ניצקאָווסקי, אבצי סאָסנאָווסקי און יואל קיימאן: **עס זיצן:** מאטול לייזערזאָן, אביעדזינסקי מיכאל, לוי שיינבערג, דבורה טעטענבאום, לייבול יערוחאמאָוויץ, פישל קאצפער און יהודה דאלינסקי: **עס ליגן:** יאנקול פאניץ, דענעמארק רייזול ליכטענשטיין, יערוחאמאָוויץ ראובן, סאלאָמאָן, סאוויצקי יעקב און וועלוול פינקעלשטיין.

די יידישע ארבעטער האָבן געהאט זייערע אָרגאניזאציעס און קולטור־אנשטאלטן. ס׳האָבן געפירט א פּאָליטישע טעטיקייט: „בונד״, לינקע פּועלי־ציון און אויך קאָמוניסטן (אומלעגאל). די קולטור־טעטיקייט איז געפירט געוואָרן פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, וועלכע האָט פארמאָגט א סך יידישע און פוילישע ביכער און האָט איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען, רעפעראטן און קעסטל־אָוונטן.

געווען אויך אן אלגעמיינער דראמאטישער קרייז, צו וועלכן עס האָבן געהערט יוגנטלעכע פון אלע פּארטייען. בראש פון דראמאטישן קרייז איז געשטאנען חיים לייזער בערגשטיין און מאָטל פענזון. דער דראמאטישער קרייז האָט אויפגעפירט פארשידענע פּיעסן און די הכנסה איז געגאנגען פאר „לינת הצדק״ „גמילות חסדים״ און פאר אנדערע וווילטעטיקע צוועקן.

העברעאישע אָוונט־קורסן אין יאָר 1917



**די ערשטע שורה שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** לייבל שיינבערג, מאטי בלומערט, פייגל סקובעלסקי, קיימאַן און יאַנקל שאַראשאָוו. **די צווייטע שורה:** בערמאַן, זעלדה שיינבערג, קיימאַן, יענטע פינקעלשטיין און בערמאַן. **די דריטע שורה:** גוטמאַן, בראָנערוויין, צ׳עשניק, בלומבערג, שיינצה קאַצפעראָווסקי, שירקה גוטשטיין, צירל טוטעלמאַן, סעגאַלאָוויץ און סקובעלסקי ישעיהו. **עס זיצן:** גוטמאַן, איטקה ברגמן, שרצה טעטענבוים, ניצעוויץ שרה, **דער לערער** זילבערשטיין, חנה זאַקס, ליבה סקובעלסקי און וואַסערשטיין. **די לעצטע שורה:** זעלדה פינטעל, חינקה גאָלדפאַרב, רבצה בערמאַן, חייצה זעמעל, ראָזענטאַל, דאַנילעוויץ רבצה, דבורה טעטענבוים און גוטמן.

ביבליאָטעק־קאָמיטעט



**עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** רחל טעטענבאום, שלמקה שיינבערג און פשקה סקובעלסקי
**עס זיצן:** גוטקי שערעשעווסקי, שרה אַקוניעווסקי, שרצה טעטענבוים און יערוחאמאָוויץ
**עס זיצן:** משה חיים קאלינסקי און יאנקול דענעמארק

די ביבליאָטעק־קאָמיסיע ביי „בני ציון״ אין יאָר 1923



**פון רעכטס אויף לינקס: ה״ה:** יוסף שטרעשעווסקי, שלמקה שיינבערג, ברוך־לייזער סקובעלסקי, ישעיה סקובעלסקי און חייה בלומה קיימאן. **עס שטייט:** חוה שיינבערג

ביבליאָטעק־קאָמיטעט ביים ק. ק. ל. אין יאָר 1928




**פון רעכטס אויף לינקס:** יערוחאמאָוויץ לייבל, יערוחאמאָוויץ אברהם יצחק, חייצ'ה טאָווצקי, ראובן פינקעלשטיין, רבקה פינקעלשטיין, מאיר לייזערזאָן, פאַנוש אלימלך און שראַגא גראַיעווסקי

דראמאטישער קרייז מיט מאָטל פענזוך אלס רעזשיסער



**שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** אהרן לייזער מילער, לייבל יערוחאמאָוויץ, פייציה פאַרבאַראָוויץ, יאנקל דענעמארק, מאשא ניצ׳קאָווסקי, מאטול דארף און יעקב סאוויצקי. **עס זיצן:** אברהם יאיר אביעדזינסקי, שייצאק בראָנערוויין, מינה שיבליינסקי, מאטול פענזוך, מינה ראדישלאנסקי און שלמה באָמאַראָווסקי. **די דריטע שורה:** בערל פענזוך, חייציה סאוויצקי שראלקי גאָלדפארב און עדעלסאָן מינה

דראמאטישער קרייז מיט חיים לייזער בערגשטיין אלס רעזשיסער



**עס שטייען פון רעכטס אייף לינקס:** ראובן יערוחאמאָוויץ, בערל כעלכאָווסקי, אלעקסאנדראָוויץ, שראלקי גאָלדפארב, חייצ'ה סאוויצקי, יעקב סאוויצקי, מנדל ליכטענשטיין און אביעדזינסקי אברהם מאיר. **די צווייטע שורה:** זיידקה בעריס, שלמה ראמאַראָווסקי, חיים לייזער בערגשטיין, מינה שיבליינסקי און שראלקי גראיעווסקי. **די דריטע שורה:** פאנוש אלימלך, רבקה פינקעלשטיין, ראובן פינקעלשטיין און שייצאק בראָנערוויין **די פערטע שורה:** יאנקל יאנסאָווסקי, אפרים קובערסקי, סענדער וואָנסאָווסקי, יוסף לובעצקי און חיעמעק

די פארוואלטונג פון לינת הצדק אין יאָר 1916



**עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס: די ערשטע רייע:** זיידקי זאלבראט, רחל קאצפער, גרשון שיינבערג, מינדל גוטשטיין, שרצ״ה קאצפעראָווסקי, חייה שרה סקובעלסקי, לאה פארבאראָוויץ, יוסף שערעשעווסקי, הירשפעלד, שלמה קיימאן און לייבל פינקעלשטיין. **די צווייטע שורה:** חייה ניימאן, חיים בערצ״י שיינבערג, אלטע בראָנערוויין, חיים לייזער בערגשטיין, שרה גאָלדפארב, מאָטל פענזוך, גוטמאן, שיע־מרדכי בערגשטיין און שרצ״ה טעטענבאום. **עס זיצן:** שיינע פינקעלשטיין, ברוך פישל זעמעל, ציפקה גוטמאן, הלל בער שיינבערג, אשר קאָלאָדני,ביילקה שיינבערג, אברהם חנא פינקעלשטיין, שיינה ארזאָנזאָן און שלמה בורשטיין **עס ליגן:** אברהם מלאווסקי, שיינה מלאווסקי, מלכה שיינבערג און ברוך סימיינסקי

די פאראוואלטונג און רעוויזיאָנס־קאָמיסיע פון דער גמילות חסדים־קאסע אין יאָר 1930



**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס**: זיידלה גאָלדבערג, ראובן פינקעלשטיין, שמעון קיימאן, אביעזר שיקאָרא, אלטער ציוויאַקאָווסקי, קלמן בערנשטיין און נחום וועגראָווסקי. **עס שטייען**: גראַנאָוויץ טוביה, זישקה לעווינאָוויץ און יאנקל דענעמארק

די „לינת הצדק״, וואָס האָט געהאָלפן אָרעמע קראַנקע מיט דאָקטוירים, מעדיצינען און סתם אונטערשטיצונג, האָט געפירט איר טעטיקייט פון 1916־טן יאָר.

°—°

אין 1922 איז געגרינדעט געוואָרן א גמילות חסדים־קאַסע, וואָס האָט געהאָלפן מיט הלוואות אַלע נויטבאַדערפטיקע, קליינע סוחרים, בעלי־מלאכות און פאָלקס־מענטשן אָן אונטערשייד פון ריכטונג.

אַזוי האָט דאָס יידישע שצוצין געלעבט ביז די היטלער־האָרדעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף פוילן און פאַרניכטעט די יידישע שטעטלעך. אויך די קהלה קדושה שצוצין איז אָפּגעמעקט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים. מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונזערע נאָענטע און טייערע — די קדושי שצוצין.

ברוך פישל זעמעל

# די קאאפעראט־ווע באנק אין שצוצין

אין אָנהויב 1926 איז געגרינדעט געוואָרן אין שצוצין דורך ברוך פישל זעמעל און אלטער ביבליאָוויץ ז״ל א יידישע קאָאָפעראטיווע באנק. די באנק איז געווען אָנגעשלאָסן אין פארבאנד פון די יידישע קאָאָפעראטיווע בענק אין פוילן. די באנק האָט זיך שנעל און גוט אנטוויקלט. במשך פון א קורצער צייט האָבן זיך פארשריבן 350 מיטגלידער (350 משפחות) פון שצוצין, אויך פון די ארומיקע שטעטלעך וואנסאס און ראדזילאָוו. יעדער מיטגליד האָט באקומען א הלוואה אויף א קליינעם פראָצענט. דאָס איז געווען א גרויסע שטיצע פאר די מיטגלידער, פאר סוחרים און פאר האנטווערקער. איבער־הויפט א האנטווערקער האָט פאר די באקומענע אייניקע הונדערט זלאָטעס, וואָס איז דעמאָלט געווען א גרויסע סומע געלט, געקענט איינקויפן רוישטאָפן, אויסארבעטן און נאָכדעם אין סעזאָן פארקויפן אויף די יארידן.

די באנק האָט דיספאָנירט מיט א קאפיטאל פון 25.000 זלאָטעס, וואָס זי האָט באקומען מיט דער צייט אויף זייער א קליינעם פראָצענט פון פאר־באנד פאר די קאָאָפעראטיוון אין פוילן. אויך האָט די באנק באקומען „ווקלא־דן״ (אָפשפאָרונגען) פון די שטאָטישע איינוווינער ביז 7 טויזנט דאָלאר און אויך זלאָטעס.

א חוץ הלוואות זענען אלע פינאנס־אפעראציעס, ווי: צאלונגען, דיס־קאנטירן און איינמאנען וועקסלען אויך געפירט געווארן דורך דער באנק. די באנק האט געהאט צוטרוי פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג און אלץ פינקטלעך דערליידיקט.

די פירונג פון באנק איז באשטאנען פון א פארוואלטונג פון 3 פערזאן און א ראט פון 6 פערזאן. אלע מיטגלידער פון פארוואלטונג און ראט האבן געארבעט אן שום מאטעריעלן אינטערעס.

די לעצטע יארן פאר דער מלחמה צוליב דער אלגעמיינער שלעכטער לאגע פון די יידן אין פוילן, צוליבן באיקאט אויף יידן, איבערהויפט אין אונ־זער געגנט, האט די באנק אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די וקלאדן און חובות זענען צוריקגעצאלט געווארן.

די פאַרוואַלטונג פון באַנק אין יאָר 1929




**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס:** ברוך ראָזענבוים, לייזער סאָסנאָווסקי, איצה סאַוויצקי, ברוך פישל זעמעל (**פאָרזיצער**), ביבליאָוויץ אלטער, יאנקל גאלדמאן, ד״ר ראזענטאל משה און אברהם חנא פינקעלשטיין.

חיה סאַיקא־גאָלדינג

# אזוי זענען פאַרפייניקט געוואָרן די שצוצינער יידן

די פאָלגנדע בריוו, געשריבן פון האָלאַנד אין יולי 1945, שילדערן מיט אַלע פּרטים, ווי אַזוי די דייטשן האָבן פאַרפייניקט די שצוצינער יידן און פאַרטיליקט די גאַנצע קהילה. די שרייבערין פון די בריוו פרוי חיה סאַיקא־גולדינג האָט איבערגעלעבט אַלע גרוילן פון דער דייטשער אָקופּאַציע און אירע שילדערונגען זענען דעריבער אַן אויטענטישע גבית עדות.

אלמעלא, האָלאַנד, 22.7.1945

ליבער ישעיהו סקובעלסקי!

**איך האָב זיך דערפרייט מיט דיין בריוו. איך דערפיל דיין ווונטש און ענטפער דיר גלייך. הגם עס איז נישט קיין אָנגענעמע מיסיע, צו דערציילן, ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען די אויסראָטונג פון די שצוצינער יידן.**

**באלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, אין 1939, האָט זיך אין שצוצין אָנגעהויבן ציען די קייט פון אומגליקן. שבת אינדערפרי האָבן אלע מענער זיך געדאַרפט רעגיסטרירן. נישט וויסנדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָבן זיך אלע געמאָלדן אין מארק אויפן „דעפּטאַק״. די דייטשן האָבן פארשריבן דריי הונדערט מענער און פארטריבן זיי אויפן ניישטאָט אין שול. צווישן זיי איז אויך געווען דיין ברודער ברוך לייזער. מיין ברודער איסאַק און מיין שוואָגער ליפּע־חיים, ראָזענטאל זלמן, דיין קוזין גאלאַנט און פיל פיל אנ־דערע. איין טאָג האָט מען זיי געהאלטן אין שול אויפן צווייטן טאָג האָט מען זיי פארטריבן אין פראסטקען, פון דאָרט ווייטער טיף אין דייטשלאנד.**

וואָס פאַר אַן איינדרוק דער פאַקט האָט געמאַכט אויף די איבערגעבלי־בענע משפּחות קענט איר זיך פאָרשטעלן. אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער בין איך געקומען מיט מיין מאַן און קינדער פון אַסטראַלענקע, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעטריבן אַלע יידן און דערוווּסט זיך, וועגן דעם אומגליק. מען האָט געגלויבט, אַז אַ ליאַדע טאָג וועלן זיי צוריק קומען. מען האָט געקליבן געלט, געזוכט מאַכערס, געשריבן ביטעס. מען האָט זיך נאַריש געמאַכט און אַלץ איז געווען ווי אַ שטיין אין וואַסער. אַ געוויסן טאָג האָבן מיר דערהאַלטן פון זיי 2 קאַרטלעך און מער קיין ידיעה. עס איז געקומען דער שווערער ווינטער פון 1940. געוואַלטיקע פרעסט, העכער פערציק גראַד. מען האָט געשמועסט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן מיט זיך געבראַכט די פרעסט פון סי־ביר... אין די שרעקלעכע פרעסט האָט מען די אויבנדערמאָנטע פאַרטריבענע אומגעריכט באַפרייט פון לאַגער. 5 טעג האָט מען זיי געפירט אין באַן. דאָס באַקומענע ברויט האָבן זיי באַלד דעם ערשטן טאָג אויפגעגעסן. עס איז גע־ווען זייער אַ שווערער וועג. קיין טרונק וואַסער האָט מען נישט געגעבן. מען האָט געלעקט די שויבן פון דורשט. ענג, הייס אין די וואַגאָנען. אויפן וועג אַהיים איז מיין ברודער איסאַק געשטאָרבן. עס זענען געווען אַ סך טויט פאַלן אין וועג. און די לעבנגעבליבענע, וואָס איז מיט זיי געשען? אַ שרעק צו דערציילן.

ווען מען איז אַויסגעשטיגן פון באַן, האָט מען אויף אַלעמען געעפנט אַ שיסעריי. עס איז אַנטשטאַנען אַ מהומה, אַ פּאַניק, אַ לויפעריי. דער גרעסטער טייל איז זיך צעלאָפן. אויך ליפע היים מיט אַ גאַנצער גרופּע זענען אַנטלאָ־פן. זיי זענען אַריבער די רוסישע גרענעץ הינטער בריסק. פיל פון זיי, וואָס האָבן געהאַט אָפּגעפרוירענע אבֿרים האָבן די באָלשעוויקעס גענומען אין בריסק אין שפּיטאָל. נאָכן געזונט ווערן האָט מען זיי פאַרשיקט אין רוסלאַנד, אין אַרכאַנגעלסק. אַנדערע, צווישן זיי ברוך און לאַווי שיינבערג, זענען

אוועק אין שטעטל וולאַדאַווע, אויף דער דייטשער זייט און האָבן שפּעטער דאָרטן חתונה געהאַט. אנדערע האָבן זיך דורכגעריסן און געקומען צוריק אין שצוצין.

פון די דריי הונדערט זעגען צוריקגעקומען אפשר 30. מיין שוואָגער ליי־פּע חיים האָט זיך געפונען הינטער בריסק און האָט געוואָלט אריבער אויף דער סאָוויעטישער זייט, געוואָלט צוריק קומען צו זיין פרוי און קינד. מיט אנדערע שצוצינער האָט ער געפּרוווט ביינאַכט איבערשווימען דעם טייך בוג. עס איז אים נישט געלונגען. די גרענעץ־וואך האָט נישט דורכגעלאָזט „ווי שפּיאָני" — איז געווען זייער ענטפער. זיי האָבן געפּרוווט די צווייטע נאַכט. דער פּראָסט איז געווען געוואַלטיק. דער פּאַלטאָ — א זומערדיקער די שיך ענג, דער שניי — טיף, נישט מעגלעך ווייטער צו גיין. אלע ווײַלע ווערן אנדערע אברים אָנמעכטיק און ליפּע חיים איז געבליבן זיצן אויפן געפרוי־רענעם טייך, געבליבן זיצן אויף אייביק. געזאָגט ווידוי, געהייסן איבער־געבן אַ גרוס דאָרטן און איז פאַרפרוירן געוואָרן. די פּרטים האָט מען אונז איבערגעגעבן באלד נאָך דעם אומגליק. מיר זענען געפאָרן זוכן מיט שמוג־לערס דעם מת און נישט געפונען.

וואָס עס איז געשען מיט דיין ברודער, ווייס איך נישט. דיין קוזין איז געשטאָרבן אין בריסק. אויך דיינע עלטערן האָבן נישט געוווּסט וואָס פאַר א טויט זייער זון האָט געהאַט. עס זענען צוריקגעקומען: קויפמאַן־סעגאַלאָווי־טשעס איידעם פון אייזן־געשעפט. (געפינט זיך איצט אין ישראל), קלמן שיפּראַק, בנימין סאָסנאָווסקי, א שוסטער, א גרויסער פעסטער יונג, זיידקע קאָשציאַל, דער שאָפער און נאָך אנדערע שטאַרקע. מען האָט דערציילט וועגן זייער לעבן אין לאַגער. ברוך לייזער האָט זיך געהאַלטן אין לאַגער, נאָר מיט ליפּע חיימען און דיין שוועגערין מיט די מיידעלעך זענען — אוועק צו זייער משפחה אין אוגוסטאָוו.

אויף אונזערע עלטערן האָט דאָס אומגליק שטאַרק געווירקט. גרוי,

שווייגנדיק, שוואך איז געוואָרן דיין טאטע ווי אויך מיינער. די שיינע שול און בית המדרש האָט מען פארברענט. אלע האָבן געדאווענט אויפן ניישטאָט אין בית־מדרש. שבת און יום־טוב פלעגן דיינע שוועסטער אָפּוואַרטן דיין פאָטער און מיר שוועסטער — אונזער טאטע. מיר פלעגן זיך באגעגענען און צוזאמען ווארטן. זייערע טריט זענען געווען לאנגזאמע, ווי ביי אלטע לייט אין יהושע־אריה, דיין פעטער, דער דיין, אך! וואָס פאַר אַ זקן קוים, דערגאַנגען צום שטוב. כדי ער זאָל נישט דארפן גיין 3 מאָל אין טאָג, וואָס עס איז אים געווען שווער, האָט ער ממש געוווינט אין בית־מדרש. ארויס פון שטוב באגינען און די קינדער האָבן אים געבראכט ביינאכט צוריק. דריקנדיק אין זיך דעם צער נאָכן פארלוירענעם איסאקן און אזא איידעם ווי ליפע־חיים, איז מיין טאטע אין פעברואר 1941 געשטאָרבן אויף זיין אייגן בעט. מיט א צוויי חדשים שפעטער איז געשטאָרבן דיין פעטער, דער דיין ר' יהושע אריה. ביידע זענען געשטאָרבן ווי צדיקים. מיין מאמע און איך האָבן נאָך געהאט דעם כבוד מיט אים צום רעדן א פאָר טעג פארן טויט. מיר האָבן אים מבקר חולה געווען. ער איז געווען דער מאמעס א קרוב.

דעם 22־טן יוני 1941 האָט אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה. בליץ שנעל זענען די דייטשן אַריין אין שצוצין. אויפגעהאַנגען אַ האַקנקרייץ־פאָן און ווייטער געלאָפן. די שטאָט איז געווען אָן א מאכט. די הערשער זענען געוואָרן די פאָליאקן. אזוי האָט געדויערט קרוב צוויי וואָכן. פון די טורמעס זענען צוריקגעקומען די ווילדע יונגען. דאָמבראָווסקי דער „גארב" יאקובטשאק און אויך די געוועזענע פוילישע באקאַנטע, וועלכע די באָלשעוויקן האָבן ארעסטירט: שוויאטלאָווסקי, דער נאַטשאלניק פון פאָסט, יאַנקאיטיס, דער דירעקטאָר פון שול, און אנדערע. כּול מיט צאָרן זענען זיי געווען אויף די באָלשעוויקן און אויף די יידן. און פרייטיק־צו־נאכטס ווען די גאנצע שטאָט איז רואיק געשלאָפן האָבן זיך אָנגעהויבן די שחיטות.

זיי האָבן עס „פיין אָרגאַניזירט״: — איין באַנדע אויפן ניישטאָט — א צווייטע אין מאַרק, א דריטע אויף דער לאָמזשער גאַס, און א פערטע אויף די פּאָוועלקעס. אויפן ניישטאָט האָבן זיי געמאָרדעט ראַמאַראָווסקעס משפחה (דעם שניידער) אסתר קריגער — אייער שכנטע מיט דער יינגסטער טאָכטער, שרהביילקה, אייניקל, פּשקה, יאַשינסקי, מייזלער דער ראש הישיבה ביי זיי אין שטוב. דיין משפחה איז ניצול געוואָרן, זיי זענען אלע אנטלאָפן אין פעלד, הערנדיק די גוואַלדן ביי אסתרן. דאַן קאַפּלאַן דעם פאָטאָגראַפיסט און ריוועס מאַן צירלאַק. ריווע מיטן קינד און די מוטער זענען דורכן פענצטער אנטלאָפן אויף די „וואַלעס״ און אין באַגינען געקומען צו מיר.

איך האָב געוווינט אין דאָרעס דירה אין ר׳ יאָסעלעס שטוב. דאָרט זענען זיי נישט געקומען די מערדערס. אין מאַרק האָט מען דערהרגעט ראָזענטאַלס קינדער. חייטשע מיטן האַלב־יעריקן קינד ביים ברוסט און דאָס עלטערע יינגעלע גרישען, חוה׳טשען, ביילע רחל גוזאָווסקי מיט די קינדער זיידקע בערגשטיין, סלוצקעס משפחה, טביה שיינבערגס קינדער און פיל אנדערע.

אויף די פּאָוועלקעס האָבן די באַנדעס דערמאָרדעט גבריאל פּאַרבאַראָוויטש, מיט זיין משפחה, און די בערגשטיינס, לייזער סאַצנאָווסקי האָבן זיי אריינגעפירט אין שעכט־הויז און דאָרט אים געהייסן לייגן דעם קאָפּ אויפן „פּיען״ און מיטן אפּאַראַט, וואָס מען שעכט בהמות האָט מען אים געשאָכטן. די האָר שטעלן זיך קאַפּויער פון די שווידערלעכקייטן.

שפּעטער האָבן זיך די באַנדעס איינגעטיילט מיטן האָב און גוטס פון די דערמאָרדעטע יידן. אויף צוגעגרייטע פורן האָט מען געלאָדן די הרוגים און אַרויסגעפירט אונטערן שטאָט. גויעס האָבן באַלד איבערגעוואַשן די פאַרבלוטיקטע פּאָדלאָגעס, אויך די שטיינער אויפן גאַס. א פּאָר הונדערט קרבנות זענען געווען אין איין נאַכט. און נאָך 2 נעכט מוזן דויערן די שחי־

סוף — האבן די מערדער געזאָגט.

א שרעק, א פאניק איז געווען צווישן די איבערגעבליבענע. וואָס טוט מען? ווי ראטעוועט מען זיך? מיין מאמע איז געלאָפן צום גלח, בעטן פאר די יידן. קיין הילף האָט מען נישט באקומען. איך מיט חנה ליבע זעמעל און סאלען זענען געלאָפן צו דער פוילישער אינטעליגענץ. אויך דאָרט האָט גאָרנישט געהאָלפן. מיין מוטער מיט נאָך 2 פרויען זענען געלאָפן נאָך הילף אין גרייעווא — האָט מען זיי נישט אריינגעלאָזט אין שטאָט. „פאָליצייי־שטונדע". וואָס מאכט מען? עס פאלט שוין באלד צו דער פארנאכט. געקומען איז אין שטאָט א 20 דייטשן — א פעלד־טרופע. מען האָט מורא געהאט צו ווייזן זיך פאר זיי. איך האָב געגעבן אן עצה: מען זאָל גיין פרווון דאָס מזל ביי זיי, אפשר וועלן זיי אונז העלפן. מיט גרויס שוועריקייט האָט מען אויפגעקליבן א דעלעגאציע און אוועק. די גרופע דייטשן זענען באשטאַ־נען פון זעלנער מיט 2 אָפיצירן. לכתחילה האָבן זיי אָפגעזאָגט צו העלפן. „דאָס געהער נישט צו אונז". „מיר קעמפן נאָר אויפן פראָנט, נישט מיט קיין ציווילע" — האָבן זיי דערקלערט. ווען איך האָב זיי אָבער פארגעלייגט זייף, קאווע, זענען זיי ווייכער געוואָרן. זיי האָבן ביינאכט באוואכט די שטאָט און עס איז געווען שטיל. איך מיט נאָך צוויי פרויען האָבן אָנגעהויבן אר־בעטן ביי זיי און שפעטער אין דער דייטשער קאָמענדאטור.

אזוי האָבן זיך דערווייל אָפגעשטעלט די פּאָגראָמען אין שצוצין.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אזעלכע ענלעכע געשעענישן אָפּגע־שפילט אין גראיעווא, וואנסאס, ראדזשילאָווע א. א. וו. אין ראדזשילאָווע האָט מען אלע יידן פארטריבן אין גרעסטן שייער און אים אונטערגעצונדן פון אלע עקן. פוילישע שול־קינדער האָבן געוואָלט ארויסראטעווען פון שיי־ער זייערע יידישע חברות, די מיידלעך האָבן דאָס אָפגעוואָרפן און אריינ־געלאָפן צוריק אין די פלאמען. דאָס אלץ האָבן געמאכט די פּאָליאקן. אזעלכע

גרויל־בילדער האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין אונזערע שטעטלעך ארום. א מיאָר־ס׳ן טויט האָט געהאט שלאפּאק, שטאבינסקי אין ראדזשילאָווע און מאטיס קיי־מאן מיט זיין פרוי און קינדער, זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין וואנסאס.

אלע מענטשן פון אונזער שטאָט האָבן געמוזט ארויס יעדן טאָג אויפן מארק צום רייסן דאָס גראָז צווישן די שטיינער. יעדע שטוב האָט געמוזט געבן א 2־3 מענטשן. מאָנטיק פארנאכט, מיר דוכט, אז דאָס איז געווען דעם 24־טן יולי) אָנשטאָט אָפּצולאָזן אין זייערע היימען די פארשמאכטע ידן, מידע פון דער זון און ארבעט, האָט מען זיי גענומען טרייבן צו ביי־שטאָט צו. עס איז אויסגעוואקסן א באנדע לאָבוזעס, קינדער, וועלכע האָבן געטריבן מיט שטעקנס. אויך די מענטשן פון די הייזער האָט מען ארויסגע־טריבן. אלע אין איין ריכטונג. פון ביישטאָט האָט מען ווייטער געטריבן אויפן בית־עולם. (איך בין צווישן די געטריבענע נישט געווען) מען האָט שוין פארשטאנען, וואָס דאָרט וועט פאָרקומען. מען האָט אויסגעקליבן 100 מענער, וועלכע זענען געבליבן אויפן אָרט. די פרויען, די קינדער, די עלטערע מע־נער האָט מען צוריק אהיים געשיקט. די 100 מענער האָט מען איינציקווייז אויף א בעסטיאלישן אופן מיט העק, מיט שטעקנס, מיט לאָפּאטעס — דער־מאָרדעט. צווישן זיי איז געווען: זלמן לייזעראָן, מיטן זון מאיר, ישעיה קאָקאָשקאָ, ליפשטיין, פאנוש און פיל אנדערע.

א פּינצטערע אין חורבות איז געשטאנען שצוצין. טרויעריק, פארצוויי־פלט זענען געווען אירע יידישע איינוווינער. די שול און דער בית־מדרש האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן נאָך אין 1939 און איצט אויך דעם בית־מדרש אויפן ביישטאָט. די גאנצע זייט, אָנהויבנדיק פון פנחס ראָזען׳ס הויז ביז פּענזוך׳ס הויז איז אָפּגעברענט געוואָרן פון באָמבעס. אויך די וואנסאסער גאס טיילווייז.

דאָס איז געווען דער צווייטער אקט אין אונזער שטעטל. אויסגעפירט

דורך די פאָליאַקן. אין חודש אויגוסט, דאַנערשטיק פאַרנאַכט איז מרושט־קאָווסקי, דער וואָזשני פון מאַגיסטראַט, אַרויס מיט אַ גלאָק און געגעבן צו וויסן די יידן, אַז זיי מוזן זיך מאַרגן פרי מעלדן אויפן מאַרק. אַ פרישע פּאַניק. די נאַכט איז מען שוין נישט געשלאָפן. פרייטיק 8 אַזייגער פרי האָבן זיך אַלע צוגעשטעלט. מען האָט געשטעלט די מענער באַזונדער, פרויען מיט קינדער באַזונדער און מיידלעך אויך באַזונדער. דערביי זענען אַנוועזנד געווען אַ 2 געסטאַפּאָווצעס און עטלעכע ס. ס.־לייט. די פּוילישע פּאָליציי איז געווען זייער אַקטיוו. געלאָפן זוכן איבער די הייזער צי עס האָט נישט ווער זיך אויסבאַהאַלטן.

אויפן מאַרק האָט מען צעשלאָגן דעם הרב עפּראַן זצ״ל און די, וועלכע מען האָט געפונען באַהאַלטן. אַלע מענער און מיידלעך האָט מען אַריינגעטריבן אין דער קרומער גאַס. זיי זענען געגאַנגען צו 5 אין אַ ריי ווי זעלנער. ביי ביבלאָוויצן אין הויף האָט מען אין איין שפּייכלער אַריינגעטריבן עלטערע מענער צווישן זיי אויך דיין פּאָטער. ישעיהו, דעם רב, די שוחטים, ראַדזי־מינסקי, גאָלדפאַרב, טוטעלמאַן און אַנדערע. אין אַנדערן שפּייכלער יונגע מענטשן — משקה גוזובסקי, זאוול זעמעל, חיים קאַקאָשקאָ, משה חיים קאָ־לינסקי יאַנקל דענעמאַרק, מוקי פאַרבער, דוד רובינאָוויטש, משה לייזער־זאָן און אַלע אַנדערע. אין דריטן שפּייכלער — אַ מין שטאַל איז עס געווען, האָט מען פאַרשפּאַרט די מיידלעך. צווישן זיי איז אויך געווען שרקה זע־מעל, מיני ראַדושקאַנסקי, דיינע צוויי שוועסטערס, דיינע צוויי קוזינעס און יונגע מיידלעך פון 6־טן קלאַס פון שול. מיר פרויען און קינדער זענען גע־בליבן שטיין אויפן מאַרק דעם גאַנצן טאָג אָן אַ טרונק וואַסער, אָן ברויט, אין ווייטיק און אין צער פון דעם ספּעקטאַקל. חנה ליבע זעמעל האָט פון אַ געסטאַפּאָוויעץ באַקומען אַ פּאַטש. צו דרייסט האָט זי געקוקט. „אין אייניקע יאָרן אַרום וועט קיין איין ייד אויף דער וועלט נישט זיין״ — האָט דער גע־

סטאפאוויעץ איר געזאגט — „און קוק נישט אזוי פרעך".

די גוים טראגן דערווייל ראָלן שטעכעדיקע דראָטן, מען קלאפט, מען גרייט עפּעס אין דער קרומער גאס. עס איז שוין געווען גאנץ טונקל. אין דער וועלט ביי זיי איז שוין לאנג נאָך ליכט־בענטשן. מען זיצט ביי שיינע טישן אין ליכטיקע שטובן, אלע צוזאמען קינדער, עלטערן... און דאָ איז פינצטער, חושך. אין דער קרומער גאס איז שוין ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. דער אריינגאנג אין געטאָ איז דורכן פלאץ, דורך ביבלעוויצעס הויף. דורכגייענדיק זעען מיר די מענער. מען האָט זיי אָפּגעשוירן די האָר, די בערד, מיר זעען טייל שטארק צעשלאָגענע. דאָס זענען די, וועלכע מען האָט געפונען באהאלטענע. א סך פון זיי האָט מען ארויסגעפירט און דערשאָסן. צווישן די דערשאָסענע מיין שוואָגער יאָסל ראדזימינסקי.

די פרויען גייען פארכאפן דירות. דיין מוטער, שוועסטער חיה־שרה מומע גאלאנט און נאָך מענטשן צוזאמען פארנעמען איין דירה, ווו משה „טאטקע" האָט געוווינט. אלתר דער שניידער. דאָס איז א טויער אנטקעגן ביבלאָוויצעס זייט. מיין משפחה צוזאמען מיט זעמעלס האָבן פארנומען דאָס בעסטע צימער ביי ניעבזשידאָווסקין. אזוי האָט מען געוווינט 15—20 און אויך 25 פערזאָן אין איין דירה. שטענדיקע מחלוקות, קריגערייען, געשלעגן.

די מענטשן דאָרט אין די שפייכלערס זענען ווייטער געווען באוואכט דורך דער פוילישער פּאָליציי, דורך סתם לאָבוזעס און דורך דייטשע זעלנער. שבת צונאכט האָט מען ארויסגעפירט א טייל פון די יונגע מענער, אויך זאוולען, גוזאָווסקין, חיים קאָקאָשקא. כמעט אלע כאכמענער: שוסטער, שניידער, צוויי שמידן, רוזאָ דער זייגער־מאכער, שלום מאָטל, דער מולאר און צוויי בעקער, ווי אויך א 10—15 פערזאָן, פון וועלכע מען האָט געשאפן א יודענראט און יידישע פּאָליציי, אין געטאָ. די אלע מענער זענען

געבליבן. דער יודענראט האָט זיך איינגעשטעלט אויף פאָלגנדן אופן: יונה לעווינאָוויץ אלס פרעזעס און מיטגלידער — נאסקע רובינאָוויטש און טוביה גראנאָוויטש, דער בעדנער. פאָליציי: ישראל׳קע גאָלדפארב, מיכאל קרושנינסקי, סאווי צקי און פרידמאַן,ביידע פריזערס, לובעצקי און לייבל גאנדי דאָרף.

מאָנטיק פארנאכט האָט מען ארויסגעפירט די עלטערע מענער צווישן זיי דעם לערער בערמאַן, איטשע טוטעלמאַן. בייטאָג בין איך נאָך געווען ביי זיי אין שפייכלער. (איך האָב געארבעט אין קאָמענדאטור, האָט דער פאָסטן מיר ארייגעלאָזט). איך האָב דעם רב זצ״ל און אנדערע געגעבן צוקער, זויערע אוגערקעס, שטיקלעך ברויט. דער רב האָט מיר געגעבן די האנט. איך האָב איר א קוש געטאָן און נאָך געמאכט מיט טרערן. דער ש׳ינער רב עפראָן לסוף האָט מען זיי אלע פארטריבן אויפן בית־עולם. דעם רב האָט מען דער־שאָסן. ער האָט פריער געהאלטן א קורצע דרשה. די איבעריקע האָט מען דערהרגעט. עס איז מיר שווער צום שרייבן. איך לעב אלץ אויף דאָסניי איבער. עס ווייטיקט, עס בלוטיקט מיר מיין הארץ.

אין דער זעלבער צייט, ווען מען האָט זיי געפירט, האָט דער עולם וויבער זיך געשטופט אין א ריי פאר א פענצטער פון צענטראלן פונקט (ביבלאָוויציעס הויז) נאָך ברויט, מען האָט געגעבן ווארעם פריש ברויט...

די מענער פאבלייט און א ביסל יונגווארג האָט מען ארויסגעלאָזט. ביידע שפייכלערס זענען געוואָרן ליידיק. פון די 4 מיידלעך — מיני ראדיש־קאנסקי, עני סלוצקי, שיינע מלאווסקי און ישראלקע אלאראנס ווייב, האָט מען דערהרגעט אויפן הויף פון פאָליציי־פאָסטן.

יענעם פרייטיק, ווען מען האָט אונז ארייגעטריבן אין געטאָ האָט מען אויך די יידישע קראנקע ארויסגעפירט פון שפיטאָל אויפן בית עולם און דאָרט דערשאָסן. שייצאק, בראָנעוויין, בישבערג און עסטערזאָן האָבן גע־

פרוווט זיך באהאלטן אין שפיטאָל. מען האָט זיי געפונען און אויפן הויף דערשאָסן. יונגע מיידלעך פון 6־טן קלאס: פּענזוך׳ס טעכטערל, ליפשטיינס, ריווטשה סאָסנאָווסקי, ידידיה׳ס פרוי — זיי אלע האָט מען דערמאָרדעט. ידידיה איז נאָך פריער אומגעבראכט געוואָרן.

דינסטיק האָבן דאָרפס־באלעבאטים פארלאנגט מיידלעך צו דער ארבעט אין פעלד ביי שניט, און גערטנער א. א. וו. געקליבן האָט די מיידלעך דער שעף פון פּאָליציי קאָסמאָווסקי, א געוועזענער מאָנטער אויף דער פּאָסט, א יונגער שגץ און נאָך 5־6 שגצים. זיי האָבן אויסגעקליבן העכער 80 פרויען, אנדערע (גוטקי ראָזענטאל צווישן זיי) זענען געגאנגען פרייוויליק, ווערנדיק ברענגען צוריקוועגס א קוישל קאַרטאָפל. זיי זענען אוועק און מער נישט געקומען. מען האָט זיי דערמאָרדעט. ווען מען מיט די קאָסעס אין קאָרן, ווען מען מיט מאָטיקעס אין פעלד, וועמען אין גאָרטן. דיינע צוויי שוועסטער, דיינע קוזינעס האָט מען צו דער ארבעט נישט גענומען. שרקה זעמעל איז צוריקגעקומען אין געטאָ. אין יענעם טאָג בין איך אויך ארעסטירט געוואָרן. 11 ביינאכט האָט מען מיך געזאָלט ארויספירן, נאָר ווי איר זעט בין איך ניצול געוואָרן.

איך האָב נישט קיין כוח מער צו שרייבן. פיל געזונט קאָסט מיך דער בריוו. איך זע טרערן, אייער צער, לייענענדיק דאָס אלץ. איך האָב נישט קיין ווערטער אייך צום טרייסטן. זייט שטארק, מיינע טייערע בני־עיר. די ווייטערדיקע געשעענישן וועל איך אייך דעם 2־טן מאָל באשרייבן.

ישעיהו! איך בעט דיך, זאָלסט מיר שרייבן, ווו עס געפינט זיך ברוך פישל זעמעל, שפרינצע, לאה׳קע, וואָס ווייסט איר פון דעם עשאלאָן, וואָס איז אוועק אין רוסלאנד? שרייב מיר וועגן אלץ, שיקט מיר א יידישע צייטונג. מיר לעבן דאָ ווי אויף אן אינזל. מיר ווייסן נישט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, קיין בוך, גאָרנישט. די האָלענדישע שפראך קענען מיר

נישט. מיר לעבן דאָ אין עלנדקייט, אומעט און נידערגעשלאָגנקייט.

דו ארבעסט פעשקע. אפשר וועט אייער זון נעמען נקמה פאר זיין זיידע, באָבע און פארן גאנצן כלל־ישראל. איך גריס אלע שצוצינער, וועלכע האָבן געהאט דאָס גליק צו אנטלויפן פון דער פארשאָלטענער פוילישער ערד.

חיה סאָיקא

•—•

אלמעלא, דעם 13־טן אָקטאָבער 1945.

ליבער ישעיה!

דיין בריוו האָט אונז פארשאפט פיל פארגעניגן. איך דאנק דיר פאר אלץ, וואָס דו טוסט פאר אונז און מיר בעטן דיר אויך אויף ווייטער דו זאָלסט אונז העלפן מיט וואָס דו קענסט נאָר, אז מיר זאָלן וויאָס שנעלער קומען קיין ארץ־ישראל, אין קיין מאטעריעלע הילף נויטיקן מיר זיך נישט, זאָלסט אלזאָ גאָרנישט שיקן. ביסט אזוי פאראינטערעסירט אונז צום העלפן, הלוואי זאָלן מיר דיר קאָנען אָפדאנקען.

איך ווייס נישט לויידער דעם טאָג, דאָס הייסט די דאטע ווען דיין ליבער פאָטער ז״ל, איז אומגעקומען. איך געדענק גענוי, אז דאָס איז געווען מאָנטיק פארנאכט אין חודש אויגוסט. אָבער וועלכער מאָנטיק? כ׳מיין, אז אין ערשטן האלבן חודש. אין דער פארטיע איז אויך געווען ביינישׁ פאָני־מונסקי, דער רב זצ״ל. דעם רב האָט מען געשאָסן. אלע איבעריקע האָבן גע־האט אן אנדערן טויט. די גויים האָבן זיי באלד מקבר געווען. אלע אין איין ברודער־קבר. נאָענט פון טויער. ווען כ׳בין אין א צייט ארום געווען אויפן בית עולם האָב איך געזען דאָס קבר. א גרויסער קרייז מיט פריש ווייס זאמד. אומגעפער א יאָר שפעטער האָט זיך דער יודענראט פארנומען מיט ברענגען צו קבר ישראל די אלע קרבנות. די גויים האָבן אָנגעוויזן אלע ערטער, ווו זיי האָבן אונטערן שטאָט באגראָבן די אומגליקלעכע. וואָס די

פרויען פון די דערמאָרדעטע האָבן דעמאָלט אויפדאָסניי איבערגעלעבט, קאָנט איר זיך פאָרשטעלן. א טייל הרוגים זענען געווען באזונדער די קעפ, די הענט, די פיס. א סך קרבנות זענען געלעגן אויף די פאוועלקעס. די משפחה בעדנארסקי האָט צוליב רויב־צוועקן דאָרט אלע אויסגעמאָרדעט.

קאָסמאָווסקי א רוצח א שגץ, א גזלן. פאָסט־מאָנטער איז געווען קאָ־מענדאנט פון דער פוילישער פאָליציי און אָנפירער פון די שחיטות. שוויאט־לאָווסקי דער נאטשאלניק פון פאָסט, פיאָטר סאווצענקא, דער שוסטער, האָבן אויסגעמאָרדעט זיידקע בערגשטיינס משפחה, נאָך דעם זיך אריינגע־צויגן צו אים אין דער דירה, דאָנאָווסקי, באָגושעווסקי פון ניישטאָט, קאָכא־נאָווסקי פון באראנע, גארדאצקי לוטעק קשובסקי, ברילעק, אָלשעווסקי און פיל אנדערע האָבן זיך באטייליקט אין די יידן־שחיטות.

פרעגסט אויף דער פוילישער אינטעליגענץ. דער אפטייקער דיגנא־ראָוויץ איז נישט געווען אין שצוצין. נאָך פאר דער מלחמה האָט ער פאר־קויפט די אפטייק. פון אנדערע פוילישע אינטעליגענטן האָט קיינער נישט געהאָלפן, נאָר פארקערט. אויב דו געדענקסט דעם סעקרעטאר פון רעיענט טישקאָ. ער האָט זיך געלאָזט איבערנייען דעם רב׳ס מלבושים. גענייט האָט זיי פורמאן, דער שניידער און ער האָט דערציילט, אז אויף דעם רב׳ס פאל־טאָ, זענען נאָך געווען פלעקן פון בלוט.

מיינע עלטערן האָבן 40 יאָר געפירט די קראָם, געהאט סטאלע קונדן פון אלע ספערן און בעת דער 2־טער שחיטה איז אוועק מיין מאמע ז״ל צו אורניאזן, געוואָלט זיך דאָרט באהאלטן אין קעלער אָדער אין א שטאל. זיי האָבן עס איר אָפגעזאָגט. דורך די פעלדער איז זי איינע אליין אוועק אין כאָינאווי. דאָרט זענען אלע באקאנטע פויערים. מען האָט איר פון דאָרף באלד ארויסגעטריבן. א ייד האָט זיך באהאלטן אין שטאל ביי ראדזיקאָווסקי דעם סעקרעטאר פון געריכט אָן זיין וויסן. ווען ער האָט אים דאָרט געפונען, האָט ער אים תיכף ארויסגעגעבן און פאר זיין שוועל איז ער מיט שטעקנס

באלד דערהרגעט געווארן.

אזוי האָט עס אויסגעזען. אויך זאַביעלסקי, דער סעקרעטאר פון גמינע האָט געהרגעט יידן.

וועגן געטאָ:

דו פרעגסט: ווי לאנג עס איז געווען דאָס געטאָ ביי ביבלאָוויצן אויפן הויף? דאָס געטאָ איז געווען אין דער גאנצער קרומער גאס, אָנהויבנדיק פון לאפיאנס שטוב ביז אורניאזשעס הויף. ביי ביבלאָוויצן אויפן הויף איז געווען דער טרויעריקער לאגער — און זיין שפייכלער און שטאל. דאָס האָט געדויערט 5 טעג ביז זיי זענען פארטיק געווארן די מערדערס מיט ארויספירן צום טויט. יעדע נאכט אן אנדער פארטיע. די איבעריקע: שוסטערס, שניידערס, שמידן, א מולאר, א בלעכער, א בעקער און א ביסל יוגנט האָט מען ארייגעלאָזן אין געטאָ. דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען שווער. דער יודענראט האָט נישט געהאָלפן די אָרעמע מענטשן. זיי האָבן נאָר געפרעסט געלט ביי די, וואָס האָבן נאָך עפעס געהאט. קעלט, הונגער און קראנקהייט האָט צעפערטלט די אומגליקלעכע איינוווינער פון דער קרומער גאס.

דיין מוטער ע״ה און שוועסטער האָבן פון זייער אלטער היים גארנישט ארויסגענומען. זיי האָבן מורא געהאט אהינצוגיין. מען האָט זיי ארויסגעהאָלפן מיט א ביסל מלבושים און בעטגעוואנט. דיין מוטער איז געשטאָרבן אין געטאָ מיט א נאטירלעכן טויט און אויך דיין שוועסטער חיי־שרה, קורץ איינע, נאָך דער אנדערער. עס טוט מיר וויי דאָס הארץ, אז איך דארף דיר דאָס אלץ שרייבן, אָבער דו פארלאנגסט עס פון מיר. זאָל איך אייך טרייסטן? זאָל איך זיך טרייסטן? ערגער האָט זיך שוין דער גורל מיט אונז נישט געקאָנט באגיין. קיינמאָל נישט פארהיילבארע וווּנדן!

דיין מאמע, ליבע פעשקע, איז אויך געווען אין געטאָ. געוווינט צוזאמען מיט שיינע אראָנזאָן ביי זיסקינדן אויפן הויף אין דעם קליינעם שטיבעלע

ווו רחקי פלעגט רייכערן הערינג. עס האָט איר גאַרנישט געפעלט. זי פלעגט באַקומען בריוו פון דיין ברודער פון סאָקאָלקי. ער האָט פאַרלאַנגט זי זאָל צו אים קומען, אָבער דיין מאמע ע״ה א קלוגע פרוי האָט געזאָגט, אז זי וויל נישט זיין ביי קינדער. זי איז אליזאָ געבליבן אין שצוצין און ווען מען האָט ארויסגעפירט די פאַר הונדערט יידן פון געטאָ, איז דיין טייערע מאמע ז״ל און שוועגערינס — פייגל און פעשקע אויך געווען צווישן זיי.

אלע האָט מען אוועקגעפירט אין באָגושע נעבן גראַיעווא. דאָרט איז געווען א זאמל־פונקט פון די יידן פון גאנצן געגנט. אליזאָ: שצוצין, גראַיע־ווא, ראַיגראַד, אוגוסטאָוו, סטאַוויסק, וואנסאש א. א. וו. דאָרט האָבן זיך דיינע שוועסטער גלויב איך באַגעגנט מיט דיין שוועגערין און קינדער פון אויגוסטאָוו און מעגלעך, אז אויך מיט חיה׳שרה׳ס קינדער. זיי זענען שוין געווען גרויסע מיידלעך, שילערינס אין דער שול, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט. אויף די זיצונגען פלעגן די לערער רימען ביידע „פּורמאַנוווקעס״. די עלטערע האָט פּרעכטיק דעקלאַמירט, שטענדיק זיבער. שוין געווען אין זעקסטן קלאַס. און מיין מיידעלע אין דריטן קלאַס. אונזערע טייערע, ליבע, נישט פאַרגעסבאַרע קינדערלעך. פאַרוואָס? פאַרוואָס? איך קען נישט באַ־הערשן מיין ווייטיק. איך מוז מאכן א הפסקה אין שרייבן.

ליבער ישעיהו!

איך שיק דיר מיינע האַרציקע גרוסן און דאַנקען. דו ביסט דער אמתער גוטער ברודער. מיר וועלן דיר געדענקען, וואָס דו טוסט פאַר אונז אין אונ־זער שווערער שעה.

פון פאַרבערס משפחה איז קיינער נישט געבליבן. אויך פון די קאַצ־פּעראָווסקיס נישט. שלום בערגשטיין און זיין משפחה איז אויך נישטאָ. הלל־בער שיינבערג איז געשטאָרבן מיט א נאַטירלעכן טויט אין וולאָדאווי. די אנדערע פון זיין משפחה זענען אוועק מיטן טראַנספּאָרט.

א גרוס פאר פשקה׳ן מיטן קינד.

ד אָ ר א

דו פרעגסט זיך ישעיה, וואָס איך האָב געטאָן אין קאָמענדאנטור:

יאָ איך האָב געוואשן און גערייניקט די פאָדלאָגעס. כ׳האָב גענייט און געשטעפט. פיל מאָל איבערגעזעצט פון פויליש און רוסיש אויף דייטש. דער עיקר געהאָרעוועט פעסט און דערפאר געבראכט אהיים (נישט אלע מאָל), א לעבעלע ברויט. „אָרגאניזירט" ביים קאָמענדאנט אין דער היים פאר די קינ־דער, אמאָל האָט זיך איינגעגעבן א פושקעלע סאכארין אויף לינקס, א פלעשעלע עסיג... און דאָס איז געווען, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט אין אלע שטעט די בעסטע פאָסטנס. די שענסטע יידישע טעכטער האָבן גע־פוצט, געשייערט, געוואשן, געקאָכט פאר זיי, פאר אונזערע בלוטיקע שונאים און דאָס איז געווען א גליק, ווייל ביי שטיינער און ציגל טראָגן איז געווען פיל ערגער.

אין יענע הייסע טעג, ווען איך בין איינמאָל געקומען צו דער ארבעט, זאָגט מיר דער קאָמענדאנט: די פּאָליאקן האָבן דיך אויף פארמשפּט צום טויט. אויב דו קענסט אנטלויף. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, ווי די ווערטער האָבן אויף מיר געווירקט. איך בין ארויס אויפן הויף, דאָרט ביי א באַליע איז געשטאנען דאָרא, עני קעלסאָן און דעם ביאליסטאָקער מלמד׳ס מיידל קאָהן. כ׳האָב זיי אָנגעזאָגט די בשורה. נישט לאנג זיך געישוב׳ט, האָב איך אָנגעטאָן א פאטשיילע, גענומען א קיישל און דורך דעם שפּאציר־גארטן אוועק אויפן לאָמזשער שאָסיי, געלאָזט זיך אין וועג. נישט געזעגנט זיך מיט דער מאמע ע״ה, נישט מיט די קינדער. עס האָט מיך באהערשט א ווילן — אנטלויפן, וואָס שנעלער אנטלויפן. ווי שטארק עס איז נאָך דעמאָלט ביי מיר געווען דער ווילן צום לעבן. איך בין קוים דערגאנגען צום „צמענטאזש", ווי שקצים האָבן מיר דערקענט און מיט שטיינער צוריקגעטריבן אין שטאָט.

איך בין אין דער לאַמזשער גאס פארביי דער קאַמענדאטור, געזען דאָרטן און א געשריי געטאָן צו איר: „מען האָט מיך געפּאַקט. געדענק צו זיין א מאמע פאר מיינע קינדער״.

מען האָט מיך געבראַכט אויפן פּאָסטערונעק און נאָך א קורצן פארהער אריינגעזעצט אין א קליינער צעלע... איך האָב דעם גאנצן טאָג געוויינט. קאַזשוך אַלשעווסקי, דער פּאָליציאַנט האָט מיט „רחמנות״ צו מיר געזאָגט, אז 11 ביינאכט וועט מען מיך שיסן, אָבער ער וועט שיסן אויף פּוסט און וועט מיר געבן די מעגלעכקייט צו אנטלויפן און איך זאָל אים געבן א בריוו צו דער מאמע, זי זאָל אים באפרידיקן... נאטירלעך, אז איך האָב אין דעם נישט געגלויבט. שרעקלעכע געדאנקען האָבן מיך געפּייניקט דעם גאנצן טאָג — די קינדער, די קינדער, אז זיי וועלן נישט האָבן זייער מאמען איז שוין זיכער, וועלן זיי האָבן כאָטש זייער טאטן? אין יענער צייט האָב איך נאָך נישט געהאט קיין ידיעה פון מיין מאן און נישט געוווסט צי ער לעבט. איך בין געלעגן אויף די גאָלע ברעטער, געוויינט און געוויינט. פון דער שכנות׳דיקער צעלע, האָב איך געהערט ווי מען זאָגט ווידוי. דורך דער וואנט האָבן זיי זיך אָנגערופן צו מיר. דאָרט איז געזעסן — עלי דוד גוטשטיין, דער בעדער, בערל אראָנזאָן, שטורמלאָווסקעס איידעם און נאָך א פּאָר. בעת מען האָט געפירט ביינאכט א פּאַרטיע איז זיי געלונגען צו אנטלויפן, נאָך דעם האָט מען זיי געפּאַקט.

עס איז שוין געווען פינצטער אין צעלע, ווי א פּאָליציאַנט האָט מיך ארויסגערופן צום קאָמענדאַנט אויף א פארהער. פארוואָס האָסטו געוואָלט אנטלויפן? ווער האָט דען צו דיר? און צו מיין גרויס פארוווּנדערונג האָט ער געהייסן א פּאָליציאַנט אריינפירן מיך אין געטאָ. אין דער קרומער גאס איז געווען אין גאנצן פּוסט. ביי די דראָטן איז נאָך געשטאַנען מיין שוועס־טער דאָרא. דאָס פּנים בלייך און פארצערט. זי האָט אויף מיר געוואַרט.

עס ווייזט זיך ארויס, אז אין משך פון טאָג האָט מיין מוטער ז״ל און דאָרא וועלטן איינגעלייגט, זיך ארויסבאקומען דורך די דראָטן, געלאָפן צום פויליש קאָמענדאנט, צום דייטשן קאָמענדאנט, אוועקגעטראָגן דעם פאָטערס פוטער, וועלכער איז געווען באהאלטן אין שפיטאָל, אנדערע זאכן, געלט און מיך אויסגעקויפט פון טויט. די גויים האָבן מיך געוואָלט אָפרוימען צוליב א סך טעמים. צו גוט איז געווען דער קאָמענדאנט צו די יידן און דאָס דורך מיר. איך בין געווען א לערערין ביי די סאָוויעטן. דערצויגן די קינדער אין קאָמוניסטישן גייסט... געווען סעקרעטארין פון פראָפעסיאָנעלן לערערפאריין. געווען אקטיוו. באזוכט פארזאמלונגען — דאָס זענען געווען שפעטער די הויפט־סיבות צוליב וועלכע איך האָב באשלאָסן אוועק פון שצוצין.

ליבער ישעיה, דאָס איז נישט דער איינציקער פאל, ווען מיין לעבן איז נאָך פארן לאגער געווען אין סכנה. אזעלכע פאלן איז געווען מער און מער, אפשר וועט זיין ווי דו שרייבסט, אז מיר וועלן זיך קירצלעך זען און וועגן אלץ מינדלעך רעדן, און דער עיקר וועגן שצוצין, אונזער שטעטעלע, וועלכע איז אונז אמאָל אזוי ליב און טייער געווען און פאר וועלכן מיר האָבן היינט נאָר א קללה. איך גריס אלע שצוצינער. גרוסן פון דאָראן און שרה׳ן.

וויינצימערס משפחה און מיט זיי אונזער שרה׳לע האָט אָנהויב מלחמה זיך ארייגעצויגן קיין ביאליסטאָק. זלמן איז אנטלאָפן צוזאמען מיט מיין מאַן. אברהמ׳ל איז געבליבן אין רוסלאנד. אפשר קענסטו זיך אָנפרעגן אויף אים ביי די שצוצינער? (געפינט זיך אין אויסטראַליע) אלע איבעריקע לעבן נישט.

חיה

# אומקום פון די יידן אין שצוצין

## דאָקומענט פון דער „יידישער וואָיעוואָדישער היסטאָרישער קאָמיסיע״

**ביאַליסטאָק — 11 אויגוסט 1946 ל. ב. — 152/46**

גבית עדות איבערגעגעבן דורך באַשע קאַצפּער, געבוירן אין יאָר 1920 אין שצוצין בעת דער אָקופּאַציע געלעבט אין שצוצינער געטאָ, נאָך דער ליקווידאַציע זיך אויס־באַהאַלטן אין די אַרומיקע דערפער לעבט איצט אין ביאַ־ליסטאָק.

דאָס שטעטל שצוצין (געציילט 3000 יידן פאַרן קריג) האָט שוין אין אָנהויב פון 1939 געפילט די בעסטיאַלישע האַנט פון די נאַציס, וועלכע זענען דעמאָלט געווען אין שטעטל 2 וואָכן. שצוצין האָט דעמאָלט פאַרלוירן 300 יידן, פון וועלכע איינצלנע זענען צוריק געקומען.

דעם 24־טן יוני 1941, האָבן די דייטשן ווידער פאַרנומען שצוצין. די ערשטע טעג איז נאָך נישט געווען איינגעשטעלט די דייטשע אָרטיקע מאַכט און די פּוילישע ווילדע יונגען און כוליגאַנעס האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער די יידן. צווישן די כוליגאַנעס זענען געווען: יאַקובטשאַק, דאָמבראָווסקי דער גאַרב, שוויאַטלאָווסקי דער פּאָסט־נאַטשאַלניק, יאַנקייטיס — דירעקטאָר פון שול און געוו. וועכטער (סטרוזשעס).

דעם 25־טן יוני 1941, פרייטיק אין מיטן נאַכט, ווען אַלע זענען געש־לאָפן, האָבן די פּאָליאַקן געמאַכט 3 שחיטות: אויף נייַ־שטאָט, אויפן מאַרק און אין דער לאָמזשער גאַס. אויף נייַ־שטאָט איז דערמאָרדעט געוואָרן: קאַפּלאַן דער פאָטאָגראַפיסט מיטן איידעם, אסתר קריגער מיט איר טאָכטער

און אייניקל, ראַמאַראַוואָסקי דער שניידער, פּעשקי יאַשינסקי, מייזל דער ראש הישיבה און אנד. אויפן מארק זענען דערמאָרדעט געוואָרן: חנה ראַזענטאַלס קינדער, גרישע ראַדושקאַנסקי און א פרוי מיט א קליין קינד ביים ברוסט, ביילע רחל גוזאָווסקא, זיידקע בערגשטיין מיט ראַכקען און זייער אייניקל, טוביה שיינבערגס קינדער, הערש סלוצקי מיט זיין משפחה; אויף די פּאַוועלקעס (א גאַס אונטערן שטאָט) האָט מען אומגעבראַכט — גבריאל פּאַרבאַראַוויטש, בערגשטיין און לייזער סאַסנאָווסקען האָט מען געשאָכטן אין שעכט־הויז. די אלע דערמאָרדעטע, אין דער צאָל פון 300 פּערזאָן, האָבן די פּאָליאַקן אַרויסגעפירט אויף פורן אונטערן שטאָט, אריינגעוואָרפן אין ראָוועס און געלאָזן נישט פאַרשאָטענערהייט.

די יידישע פרויען זענען געלאָפן צו דער פּוילישער אינטעליגענץ אינ־טערווענירן מען זאָל אָפּהאַלטן די פּאָגראָמען, אָבער זיי האָבן נישט גע־האָלפן. דאַן האָט מען אונטערגעקויפט די דייטשע זעלנער, וועלכע זענען געזעסן אין מאַגיסטראַט און די צווייטע נאַכט איז דער יידישער ראַיאָן פּאַטראָלירט געוואָרן.

דאָס זעלבע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין גראַיעווע, ראַדזשילאָווע, וואַנסאָש און סטאַוויסקי. אין ראַדזשילאָווע האָט מען פאַרברענט אלע יידן אין א שייער.

א וואָך פאַרן באַשטימען די געטאָ האָבן די פּוילישע וועכטער (סטרו־זשעס) אויפגעטריבן אלע יידן, נישט לאָזנדיק קיינעם אין שטוב, מ׳כלומרשט צו רייסן גראָז. מען האָט זיי אוועקגעטריבן אויפן בית־עולם. אָפּגעלאָזן האָט מען נאָר פרויען און איינצלנע מענער. אויפן צווייטן טאָג האָט מען געפונען 100 מענער אין א ברודער־קבר. צווישן די דערמאָרדעטע זענען געווען: יונה לעווינאָוויטשעס זון, פאַנוש מיטן זון מאיר, ישעיה קאָקאָשקא, מלכיאל ליפּ־שטיין און אנדערע. דער רב איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן און דעם בית־המדרש האָט מען פאַרברענט.

דעם 20־טן יולי 1941 איז באשטימט געוואָרן א געטאָ, וואָס האָט זיך געצויגן פון לאפיאנס הויף ביז ווילאמאָווסקעס הויף. דעם זעלבן טאָג האָט מען די גאנצע יידישע באפעלקערונג ארויסגעטריבן אויפן גאס, אויסגע־שטעלט באזונדער די יונגע און אלטע און זיי אריינגעלאָזט אין א לאגער פון וואנען מען האָט יעדער נאכט ארויסגענומען מענטשן צום פארניכטן. דאָרט זענען אומגעקומען: זאוול זעמעל, משה גוזאָווסקי, חיים קאלינסקי, יאנקל דענעמארק, חיים קאָקאָשקא, מוקי פארבער, דוד רובינאָוויטש, משה לייזערזאָן, דער רב, די שוחטים, דער דיין, קיימאנס שוואָגער, דער לערער בערמאן, איטשע טוטעלמאן, סקובעלסקי און אנדערע. אין געטאָ זענען נאָך אריינגעלאָזט געוואָרן פרויען און קינדער, 10 שניידער, רוזשע דער זייגערמאכער, שלום מאטל דער מוליער, 3 שמידן און די, וועלכע האָבן זיך אריינגעגנבעט. צוזאמען זענען דאָרט געווען 300 יידן.

אין געטאָ איז באשטימט געוואָרן א יודענראט אין באשטאנד פון 15 יידן און 4 פאָליציאנטן — יידישע אָרדענונגס־דינסט. פרעזעס איז געווען יונה לעווינאָוויטש, די ראטמענער: נאטקע רובינאָוויטש, ישראל׳קע גאָלד־פארב, מיכאל קרושניאנסקי, סאוויצקי און פרידמאן. אין שפיטאָל זענען געבליבן — לובעצקי, לייבל דאָרף און צוויי דאָקטוירים. די אויבן־אויסגע־רעכנטע פערזאָנען מיטן ד״ר וואָרטמאן און גערטס זענען געווען אין שצוצין ביז דער ליקווידאציע.

דעם 2־טן נאָוועמבער 1942, איז די שצוצינער געטאָ ליקווידירט גע־וואָרן, די איינוווינער זענען אויף פורן ארויסגעפירט געוואָרן קיין באָגושע (א לאגער אונטער גראיעווע) איינצלנע מענטשן האָבן געפרוווט אנטלויפן פון לאגער אויף די דערפער, אָבער עס איז זיי נישט געלונגען זיך אויס־צובאהאלטן. צווישן די אומגעקומענע זענען געווען: גארדענבערג, ליכטנ־שטיין, צווי ברידער.

## חורבן קהילת שצוצין

דער עדות האָט ביז דער ליקווידאציע פון געטאָ געארבעט אין גראַ־באָווע אויפן דאָרף, נאָך דער ליקווידאציע — זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער און ביי א קריסטן אין גראבאָווע, ווו ער איז געווען ביז דער באַ־פרייאונג, דעם 26־טן יאנואר 1945.

פראָטאָקאָלירט דורכן פאָרזיצער פון דער ייד.

וואיעוו. היסט. קאָמ. אין ביאליסטאָק

מגר. מ. טורעק

משה פארבאראָוויץ

# מיינע איבערלעבונגען בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה

## אַריינמאַרש פון די דייטשן און דער פּאָגראָם פון די פּאָליאַקן

פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, ווען נאַצי־דייטשלאַנד איז באַפאַלן פוילן, בין איך צופעליק געווען אין גרייעווע.

די קאָמוניקאַציע־פאַרבינדונג — גרייעווע־שצוצין־סטאַוויסק ביז לאָמזשע איז געלעגן אין די הענט פון א פוילישער אויטאָבוסן־געזעלשאַפט. די אויטאָ־בוסן פלעגן פּינקטלעך 7 פרי ארויס פון גרייעווע און פאָרן אין די אויבן־דערמאָנטע שטעט. איך און נאָך אייניקע יידן זענען מיר געפאָרן מיט דעם אויטאָ. ארויספאָרנדיק 4 קילאָמעטער אויסערן שטאָט, ביי פּאָפּאָווע, האָט אונז פּלוצלונג אומגעריכט פאַרהאַלטן א דייטשער פאָרפּאָסטן, וואָס איז באַשטאַנען פון 5 באַוואָפנטע רייטער. זיי האָבן געגעבן א שטרענגן באַפעל — אַלע זאָלן ארויס פון אויטאָ, די הענט אין דער הויך. די פּאַסאַזשירן האָבן פאַרלאָזט די מאַשין און די דייטשן האָבן געזוכט געווער אין יעדן ווינקל פון אויטאָ. קיין פאַרזענלעכע רעוויזיעס האָבן זיי נישט געמאַכט און קיין פאַרדעכטיקע זאַכן נישט געפונען. זיי האָבן בלויז צוגענומען דאָס געלט פון פוילישן קאָנדוקטאָר, מאָטיווירנדיק דערביי, אַז פויליש געלט וועט נישט האָבן קיין ווערט, ווייל „מיר וועלן אויך פּאָליאַקן באַזיגן" און — דערלויבט ווייטער צו פאָרן.

דער דערשראָקענער שאָפער האָט די מאשין געלאָזט אויף 60 קילאָמעטער א שעה. מיר זענען אין הוילער שרעק אריין אין שצוצין, איבערגעגעבן די טרויעריקע בשורה און דערציילט אלץ, וואָס עס האָט מיט אונז געטראָפן.

צווישן יידן איז געוואָרן א מהומה. יעדער האָט זיך אָפּגעגעבן א דין־וחשבון, וואָס אונז דערוואַרט פון די דייטשן און פון די אנטיסעמיטישע פּאָליאַקן. אָבער קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אז עס גרייט זיך אזא אכזריותדיקע אויסראָטונג. די טרויעריקע ידיעה, אז די דייטשן זענען שוין אונטערן שטאָט, האָט זיך בליץ־שנעל צעשפּרייט איבער שצוצין. מען האָט גענומען פאַרהאַקן די געשעפטן און די טירן פון די הייזער. מ׳האָט זיך געגרייט צו אנטלויפן, איבערלאָזן אויף הפקר פאַר די דייטשן און פּוילישער אנטי־סעמיטישער באַפעלקערונג, וואָס האָט שוין יאָרן אומגעדולדיק געוואַרט צו קאָנען באַפאַלן און באַרויבן די יידן. אָבער די פראַגע איז געווען: וווהין לויפן? א טייל זענען געווען אין דער מיינונג צו לויפן אין דער ריכטונג פון ביאַליסטאָק, אנדערע האָבן געהאַלטן, אז מען דאַרף לויפן קיין לאָמזשע. עס איז געוואָרן א שרעקלעכע פּאַניק.

אויך מיין משפּחה איז געלאָפן צופוס אויף דעם וועג קיין ראַדזשילאָווא. אלע זענען געלאָפן, ווער מיט פערד און וואָגן און אמיינסטן צופוס. די גאַנצע ברייט פון שאָסיי איז געווען פאַרנומען מיט די פּליטים. אין ראַדזשילאָווא בין איך אָנגעקומען 6 פאַרנאַכט. עס איז שוין אפילו אויפן גרויסן מאַרק קיין אָרט נישט געווען ווו זיך אוועקצושטעלן, ווייל אויסער וואָס די שצוצינער און וואַנסאָסער יידן זענען זיך אָנגעלאָפן — האָבן זיך אויך דאָ געפונען: דער שצוצינער מאַגיסטראַט, די פּאָסט מיט אלע אירע באַאַמטע און אויך די רעגירונגס־קאַסע.

עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. איך האָב זיך דערמאָנט, אז עס איז פרייטיק־צו־נאַכט, ווען דו וואַרפסט אראָפּ פון זיך די אַלטעגלעכע דאגות און

גייסט אין שול מקבל־שבת־זיין, און דאָ פּלוצלונג זענען מיר דערוווּסטערט געוואָרן פון אונזער היים, געלאָזן אונזער האָב־און־גוטס פון אזוי פיל יאָרן אויף הפקר, און איצט שטייען מיר שווערע, מידע, אונטערן פרייען הימל אויפן ראדזשילאָווער מארק, ווי א ציגיינער־באַנדע.

די ראדזשילאָוועד יידן זענען נאָך פּאַרלויפיק געוועזן אויף זייערע ערטער און ווי שטענדיק מקבל שבת געווען.

דער שטראָם פון היימלאָזע איז כסדר געוואַקסן. עס זענען געקומען פרישע היימלאָזע פון שצוצין און וואנסאס און איבערגעגעבן, אז די דייטשן האָבן שוין פארנומען די שטעט. דאן האָבן שוין די ראדזשילאָווער יידן אויך אָנגעהויבן פארשטיין אין וואָס פארא ערנסטע לאגע זיי געפינען זיך און צוזאמען מיט אונז אָנגעהויבן טראכטן וואָס צו טאָן.

דער זייגער ווערט שוין 12 ביינאכט, שלאָפן שלאָפט קיינער נישט, דער טומל איז גרויס. מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט שרעקלעכע אויפרייסן פון דינאַמיט. דורך וועמען און וואָס עס איז אויפגעריסן, ווייסט קיינער נישט. ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, זענען די אויפרייסן געווען א פּראָוואָקאציע פון דייטשן, פוילישע בירגער, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די רעגירונגס־באאמטע און אויך אין דער ארמיי. דער צוועק פון דער פּראָוואָקאציע איז געווען ארויסצורופן א פּאניק איבערן גאנצן געגנט.

שצוצין איז געלעגן זייער נאָענט ביי דער גרענעץ, וועלכע איז געווען אין א זייט — 5 קילאָמעטער פון שווידרא, פון סקייער זייט — 3 קל״מ.

שבת דעם 2־טן סעפּטעמבער, גאנץ פרי, האָבן זיך באוויזן איבער ראדזשילאָוו דייטשע אעראָפּלאַנען צו 9 אין א רייע און ווען זיי האָבן באַמערקט א גרעסערע גרופּע, אפילו פון דער ציווילער באפעלקערונג, האָבן זיי אראָפּגעשאָסן מיט מאשין־געווער. מיר האָבן געזען, אז ראדזשילאָווא איז שוין נישט קיין שוץ־אָרט.

מיר זענען געגאנגען 18 קל"מ א טאָג מיט א נאכט — און לסוף נישט געקאָנט אריינקומען אין שצוצין. פוילישע סאפיאָרן האָבן געמאכט פראָוויזאָרישע בריקן אויפן אָרט פון די, וועלכע די פראָוואָקאטאָרן האָבן מיט א טאָג צוריק פארניכטעט.

זונטיק, דעם 3־טן סעפטעמבער 4 אזייגער פארנאכט, איז אָנגעקומען זייער פיל פויליש מיליטער, וואָס האָט געמארשירט קיין דייטשלאנד — פון שצוצינער זייט אויף ביאלא, פון גרייעווע אויף פראסטקא. די הויפט־טעטיקייט פון מיליטער האָט זיך אויסגעדריקט אין ראבירן און ברענען. די פוילישע זעלנער זענען אריין טיפער אין דער דייטשער טעריטאָריע, אָבער נישט לאנג האָט אָנגעהאלטן דער „גרויסער" פוילישער נצחון. מיטוואָך דעם 6־טן סעפּטעמבער 12 ביינאכט האָבן די דייטשן געגעבן א שטארקן ווידערשטאנד, און די פּאָליאקן האָבן גענומען אין איילִיקן טעמפּאָ זיך צוריקציען פון דער דייטשער טעריטאָריע. א טייל זענען געלאָפן אין דער ריכטונג צו אסאוויעץ—ביאליסטאָק, און א טייל דורך שצוצין צו לאָמזשע און אויך דורך ראדזילאָוו. א גרעסערע צאָל פון דער פוילישער ארמיי איז דאָרט פארניכטעט געוואָרן. א טייל האָבן זיך איבערגעטאָן אין ציווילע מלבושים און זיך אויסבאהאלטן צווישן דער ציווילער פוילישער באפעלקערונג.

דאָנערשטיק פרי, ד. ה. דעם 7־טן סעפטעמבער, זענען די דייטשן אריין אין שטאָט דורך פארשידענע ריכטונגען, דורכן גאנצן גרענעץ־פאס. איבער 5 טעג האָבן זיי געהאלטן אין מארשירן דורך שצוצין גרייעווא. אויף יעדן דעראָבערטן אָרט האָבן זיי גלייך איבערגעלאָזט זייערע אדמיניסטראטיווע שטאָט־פארוואלטונג. עס איז גלייך געפאלן אויף אלעמען א שרעקלעכער פחד, איבערהויפט אויף דער יידישער באפעלקערונג. די פוילישע אנטיסעמיטן האָבן גלייך געמערקט, אז די דייטשן זענען צו זיי גוט געשטימט און פול מיט שנאה צו יידן, האָבן די דאָזיקע יידן־שונאים איצט א פאסיקע געלעגנהייט

זיך אָפּצורעכענען מיט די „זשידעס״. ווי אין ס׳רוב פוילישע שטעטלעך, האָבן יידן געבילדעט א מערהייט. אויך דאָס רוב געשעפטן און קראָמען פון פאר־שידענע פּראָדוקטן האָבן געהערט צו יידן. דעם פאקט האָבן אויסגענוצט די פוילישע אנטיסעמיטן און גענומען אגיטירן, אז די יידן שפּעקולירן מיט די פרייזן און ווילן איבערהויפּט נישט פארקויפן די פּאָליאקן פאר פוילישע זלאָטעס. די פוילישע אנטיסעמיטן האָבן זיך לייכט צוזאמענגערעדט מיט די דייטשן, ווייל דאָס רוב פון די דייטשע זשאנדארמעריע, וואָס האָט איבער־גענומען די מאכט אין דער שטאָט האָבן געקענט גוט די פוילישע שפּראך און האָבן נאָר אויסגעקוקט אויף אזעלכע פּראָוואָקאציעס.

ווי נאָר עס האָט זיך פארפעסטיקט די דייטשע מאכט, האָבן זיך גלייך ארויסגעלאָזט מאסן פוילישע פרויען איבער אלע יידישע געשעפטן און גע־פאָדערט אזעלכע פּראָדוקטן און סחורות, וואָס זענען נישט געווען. נישט בא־קומענדיק די סחורות זענען די פוילישע „קונה׳טעס״ אוועק צו דער דייטשער זשאנדאמעריע און געמאָלדן, אז יידן ווילן נישט פארקויפן פאר פוילישע זלאָטעס. די דייטשע זשאנדארמען צוזאַמען מיט די פּאָליאקן זענען אוועק איבער אלע יידישע געשעפטן און גענומען פּרעדיקן מאָראל: „ווי לאנג נאָך וועט איר באטריגן די אָרעמע פּאָליאקן. עס דערוואַרטעט דאָך אייך יידן א סוף, מעגט איר דאָך שוין פארטיילן די פּאָליאקן די סחורות אָן געלט, ווייל עס וועט אייך שוין מער נישט נוצן אייער גאָלד און זילבער״ — אזוי האָבן געטענה׳עט די דייטשן מיט די רויב־גיריקע פּאָליאקן.

די ברוטאלע האנדלונג פון דער אָרטיקער מאכט קעגן די יידן האָט געגעבן אָנצוהערן, אז די יידן מיט זייער לעבן און גוטס זענען הפקר, פריי פאר פּאָליאקן. עס האָט זיך געשאפן א פּאָגראָם־שטימונג. די כוליגאנישע עלעמענטן האָבן זיך גענומען רייסן. עס איז פאָרגעקומען א געהיימע באראַ־טונג מיטן אָרטיקן גלח, אויף וועלכער עס איז באשלאָסן געוואָרן, אז אזוי

ווי די באפעלקערונג אין שטאָט באשטייט אממערסטן פון יידן, וואָס ווינען אויסגעמישט מיט פאַליאַקן און בכדי עס זאָלן „חלילה" נישט ליידן פון פאָג־ראָם די אומשולדיקע פוילישע בירגער, זאָל אין יעדן קריסטלעכן הויז אריינ־געשטעלט ווערן אין פענצטער א צלם.

דאָנערשטיק אָוונט דעם 7־טן סעפּטעמבער איז אין די פענצטער פון אלע קריסטלעכע הייזער ארויסגעשטעלט געוואָרן צלמים. און די יידן איז באפאלן א גרויסער פחד. מען איז געווען זיכער, אז די נאכט וועט זיין א פאָגראָם.

די נאכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק איז דאָך אדורך בשלום. פריי־טיק דעם 8־טן סעפּטעמבער 8 פרי, האָט מען גענומען כאפּן יידן אויף צוואנגס ארבעט. געכאפּט האָט מען אלעמען אָן אויסנאָם: שוואכע, יונגע, אלטע קראנקע, און געפּאָדערט זיי זאָלן טראָגן גאנץ אליין שווערע קלעצער, בכדי צו פארריכטן די אויפגעריסענע בריקן ארום שטאָט, וועלכע די דייטשע פּראָ־וואָקאטאָרן האָבן פרייטיק־צו־נאכטס אויפגעריסן. די פאַראָרדענונג וועגן צוואנגס־ארבעט האָט געדראָט מיט דערשיסן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך נישט צושטעלן צו דער ארבעט. אין זייער געיעג אויף יידן האָבן די דייטשן אָנגעטראָפן אויף דער גאס א יינגל פון 12 יאָר און אים דערשאָסן. אין די טעג דאָנערשטיק און פרייטיק האָבן די דייטשן געשאפן אָן אָרטיקע ציווילע שטאָט־פאַרוואלטונג אונטער דייטשער אויפזיכט. אין דעם מאגיסטראט זע־נען אריין 2 באוווסטע פוילישע אנטיסעמיטן: דער גערטנער גריצא, און ברייצעווסקי. אויף א צוואנגס אופן האָבן די דייטשן אויך אריינגעזעצט אין מאגיסטראט דעם אלטן ייד — אברהם חנא פינקעלשטיין, וועלכער האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה געדינט אלס דייטשער בירגערמייסטער. די דריי פּערזאָן האָבן געמוזט דורכפירן די באפעלן פון דייטשן קאָמענדאנט.

שבת, דעם 9־טן סעפּטעמבער פרי איז ארויסגעגעבן געוואָרן א שטרענ־

גער באפעל, אז ביז 11 פאַרמיטאָג מוזן זיך תיכף צושטעלן אלע יידן ביז 45 יאָר אלט. נישט האָבנדיק קיין ברירה האָט דער יידישער פאַרשטייער אברהם חנא פינקעלשטיין געמוזט ארומלויפן איבער דער גאנצער שטאָט, אין אלע בתי מדרשים און געפאָדערט דאָס יעדער איינער זאָל זיך צו דער באשטימטער צייט צושטעלן אויפן מארק, און ווען נישט דראָט מיט טויט־שטראָף. נאטירלעך נאָך אזא שטרענגען באפעל, נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָבן זיך אלע געמאָלדן צו דער באשטימטער צייט אויפן מארק נישט וויסנ־דיק וואָס פאר א גורל עס דערוואַרט זיי. דער צער און יסורים פון די אומ־גליקלעכע עלטערן, פרויען און קינדער, וואָס האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע נאָענטסטע איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. הגם מען האָט נישט גע־ווּסט וואָס פאר א גורל עס דערוואַרט זיי, האָט דאָך יעדער געהאט דאָס געפיל, אז מען וועט זיי שוין מער נישט זען לעבעדיקע.

די וועלכע האָבן זיך צוגעשטעלט האָט מען גלייך אויסגעשטעלט צו 4 אין א ריי און אונטער א שטרענגער וואך אריינגעטריבן אין דער גרויסער אלטער שול אויפן ניישטאָט.

## מען טרייבט שצוצינער יידן קיין דייטשלאנד

זיי זענען דאָרט געווען איבער נאכט ביז זונטיק פרי. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען הרב ר׳ ליפא חיים, דער זון נאָכן צדיק רבי יאָסעלע זצ״ל. די שטאָט האָט זיך פיל געמיט פאר זיין באפרייאונג, הרב רבי ליפא חיים זצ״ל האָט זיך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו זיין אן אויסנאם פון אלע יידישע ברידער. ער האָט געזאָגט, אז אויב מען וועט אלע באפרייען וועט ער אויך גיין אהיים. דאָס וואָס ס׳וועט געשען מיט אלע אומגליקלעכע ברידער, מוז אויך זיין זיין גורל. די דאָזיקע מוטיקע האנדלונג פון רב האָט פארשטענדלעך נישט געהאט קיין שום ווירקונג אויף די דייטשן. זונטיק פרי האָט מען אלע

פארהאלטענע אונטער א שטרענגער וואך געטריבן קיין דייטשלאנד דורך שווידרא. ווי נאָר די געפייניקטע האָבן איבערגעטראָטן די דייטשע טערי־טאָריע, זענען זיי באפאלן געוואָרן פון דייטשע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן באליידיקט און געשריגן, אז די „פארפלוכטע יודען״ האָבן דייטשלאנד אריינגעפירט אין קריג, און מען מוז אלע ווי איינעם אויסקוילענען, שעכטן. די יידן זענען דורך דעם ווילדן המון באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער, אויס נקמה וואָס די פוילישע ארמיי האָט ביי זיי געמאכט א גרויסן חורבן.

— • —

דאָס ארויספירן די 300 יידישע מאנסבילן פון שצוצין האָט אויף אלע־מען געמאכט א דערשיטערטן איינדרוק. פון שטובן האָבן זיך געהערט יאָ־מערלעכע געוויינען, פון די אומגליקלעכע געבליבענע עלטערן, פרויען און קינדער. אין דעם גירוש האָט מען באשולדיקט דעם יידישן מאגיסטראַט־פאָרשטייער פינקעלשטיין, וועלכער האָט איבערגעגעבן שטרענג דעם קאָ־מענדאנטס באפעל, מיט דער דראָאונג פון טויט־שטראָף פאר נישט צושטע־לן זיך. וואָלט נישט געווען אָט די דראָאונג וואָלט זיך קיינער נישט געמאָלדן — האָט מען געטענהעט. דער רוב האָט אָבער געזען, אז דאָס איז א ווילדע טאקטיק פון די דייטשן, כדי אזוי אַרום צו פארניכטן יידן אויף פארשידענע אופנים.

## דייטשן פארברענען די שול און בית־מדרש

אין א פאָר טעג שפעטער, דינסטיק 12 ביינאכט האָבן די דייטשן באגאָסן מיט נאפט און בענזין די גרויסע שול,ביידע בתי־מדרשים — דעם אלטן אויף ניישטאָט און דעם נייעם בית־המדרש אויף לאָמזשער גאס און פאר־ברענט זיי צוזאמען מיט די ספרי־תורות. די דייטשע באנדיטן האָבן דערביי שפאָטיש געחוזק׳ט ווי טיטוס אין זיין צייט און געפרעגט: „ווו איז דער יידי־

שער באשיצער״? די קריסטלעכע הייזער ארום די בתי־מדרשים זענען גע־שיצט געוואָרן מיט ספעציעלע וואסער־פּאָמפּעס, עס זאָל זיי חלילה דאָס פייער נישט שאטן. מיין פעדער איז צו שוואך צו שילדערן די גרויסע יסורים און צער, וואָס מיר האָבן דאן איבערגעלעבט בעת מיר האָבן געזען ווי מען ברענט די אלטע שול און בתי מדרשים צוזאמען מיט די הייליקע ספרי תורות. א שטרענגע דייטשע וואך האָט געהיטן די ברענענדיקע בתי תפילות מען זאָל גאָרנישט קענען אפילו ראטעווען מיטן גרעסטן מסירות־נפש.

אין א פּאָר טעג ארום האָבן מיר זיך דערוווסט פרישע נייעס: די דייטשן האָבן געשלאָסן אן אָפּמאך מיטן ראטנפאַרבאנד און זיך איינגעטיילט מיט דער פּוילישער טעריטאָריע. לויט דער חלוקה דארף ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדסטווע געהערן צום ראטנפאַרבאנד און די דייטשן וועלן קירצלעך פארלאָזן דעם אָקופּירטן ראיאָן. עס איז שוין געווען קלאָר, אז די באנדיטישע נאצי־מאכט פארלאָזט אונז און ס׳קומען די רוסן, דאָך איז דאָס נישט געווען פאר אונז קיין גאנצע נחמה. וויסנדיק אין וועלכע שווערע באדינגונגען מענטשן לעבן דאָרט אין לאנד פון די סאָוויעטן ווו מען ווערט געררודפּט אָן שום סיבה, נאָר ווי זאָגט מען: „ווען א מענטש טרינקט זיך כאפּט ער זיך אָן אין אן איבערגעבערענטער שטרוי״. איבערהויפּט מיר יידן ווי א געפּלאָגט פאָלק, לעבן שטענדיק מיט דער האָפענונג אויף בעסער — גוט איז אויך א חי שעה.

די דייטשן וויסנדיק, אז זיי מוזן לויטן אָפּמאך קירצלעך פארלאָזן דעם אָקופּירטן ראיאָן, האָבן זיי געראבירט וואָס עס האָט זיך געלאָזט „מכל הבא בידם״. אלץ איז ביי זיי געווען א קרן. אלע יידישע תבואה־שפּייכלערס אויך די מילן האָבן די דייטשן אויסגעליידיקט.

## שצוצין אונטער דער סאָוויעטישער מאכט

פונקט יום־כיפּור, 3 נאָך מיטאָג זענען מיר פטור געוואָרן פון די נאצי־

באנדיטן. פון יום־כפור ביז סוכות איז די שטאָט געווען פריי אָן וועלכער עס איז מאכט. ערב סוכות איז געקומען א מעלדונג פון גרייעוואָ אז דאָס רר סישע מיליטער האָט שוין באזעצט די שטאָט און זיי מארשירן מיט מוזיק קיין שצוצין. נאטירלעך דארף מען דאָך די חשובע געסט גיין מקבל פנים זיין...

שצוצינער אָנהענגער פון קאָמוניזם, האָבן נאָך א קורצער בעראטונג באשלאָסן מקבל פנים צו זיין די רויטע ארמיי מיט בלומען און מוזיק. די רויטע ארמיי איז אריין אין שצוצין, גלייך פארנומען דעם פלאץ אויפן מארק און זיך גענומען צו דער באלעבאטישקייט.

די ציווילע מאכט־פארוואלטונג האָבן נאטירלעך, איבערגענומען די ריכטיקע מחותנים — די מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פארטיי.

א טאָג נאָך דעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די מאכט, אין אָוונט זענען דורכגעפירט געוואָרן ארעסטן צווישן די פאָליאקן. עס זענען ארעסטירט געוואָרן: דער געוועזענער בירגערמייסטער — בילסקי, אייניקע רייכע אינטעליגענטע פאָליאקן, אויך אלע פוילישע גוטבאזיצערס (פריצים) פון ארום שטאָט. זיי זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין גרייווער און אין לאָמזשער טורמע, שפעטער קיין סיביר.

אין א פאָר טעג ארום האָבן זיך די באָלשעוויקן גענומען צו די יידן פון אזוי גערופענעם בורזשואזן קלאס. א טייל האָבן זיי אָפגעשיקט אין סיביר. און א געוויסע טייל לויט דער אָנווייזונג פון דער ביי־געשאפענער ציווילער מאכט, בראש פון וועלכער עס זענען געשטאנען יידישע קאָמוניס־טן, איז דערלויבט געוואָרן ארויסצופאָרן 10 קילאָמעטער פון שטאָט איידער עס וועט ארויסגעגעבן ווערן פאספאָרטן פון נ. ק. וו. ד.

די אָרטיקע קאָמוניסטן האָבן געדארפט באשטעטיקן וועלכע יידישע בירגער מעגן בלייבן אויפן פלאץ און ווער מוז גיין אָפריכטן גלות צען קי־לאָמעטער פון שטאָט. שפעטער ביים ארויסגעבן פאספאָרטן איז פעסטגעש־

טעלט געוואָרן, אז יעדער באזיצער פון א פאספּאָרט וואָס האָט פּאַראַגראַף 11, מוז אין פאַרלויף פון 24 שעה פאַרלאָזן שצוצין, אויב נישט, וועט מען גלייך ארויסשיקן קיין סיביר. עס איז דערלויבט געוואָרן צו וווינען אפילו אין וואַנסאַס הגם עס איז ווינציקער ווי צען קילאָמעטער פון שצוצין. יעדער האָט גלייך פאַרשטאַנען, וועלכן פּאַראַגראַף אים וועט ווערן צוגעטיילט, איז מען באַלד אַוועק זוכן דירות אין וואַנסאַס, ווו עס איז גלייך געשטיגן דער פּרייז פון דירות, אפילו פון די נישט גאַנץ געהויבענע. יעדער האָט באַצאָלט וויפל מען האָט געוואָלט און געווען צופרידן מיט זיין גורל, אז ער וועט נישט דאַרפן פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. די נעמען פון די ארויסגעשיקטע אין גלות וואַנסאַס, ראַדזילאָווע זענען געווען פאָלגנדע:

1) ברוך פישל זעמעל, 2) פנחס ראָזען, 3) אלתר לעווינאָוויץ, 4) זלמן לייזערזאָן, 5) רפאל לייזערזאָן, 6) אלתר לייזערזאָן, 7) צאַמאַק לייזערזאָן, 8) איטשע לייזערזאָן, 9) מאיר לייזערזאָן, 10) לייזער לייזערזאָן, 11) לייב פּאַרבאַראָוויטש, 12) משה פּאַרבאַראָוויטש, 13) חנקה ראָזענטאַל, 14) חיה זעלדע וויינגראָווסקי, 15) מתית קיימאַן, 16) איטשע דעמעלס פרוי מיט די קינדער, 17) טוביה שיינבערגס קינדער, 18) נאַטקע רובינאָוויטש, 19) יעקב גאָלדמאַן, 20) בנימין שקאָפּ, 21) ליטמאַן סטודניק. א טייל פון זיי זענען געווען אין ראַדזילאָווע. אלע ארויסגעשיקטע און דער שרייבער פון די זכרונות בתוכם, האָבן געלעבט אין די דערמאָנטע שטעטלעך ביזן צוואַנ־ציקסטן יוני 1941.

## מיר ווערן אַרויסגעשיקט אין סיביר

פלוצלונג, איינס אזייגער ביינאַכט זענען געקומען די נ. ק. וו. ד. מיט א באַשטעטיקטע רשימה לויט די אָנווייזונגען פון קאָמוניסטישע ציווילע פאַר־וואַלטונגען דורכצופירן א רעוויזיע. די נ. ק. וו. ד. האָט געפאָדערט צו

עפענען די טירן פון די שאפעס, כדי צו רעווידירן אויב עס געפינט זיך נישט קיין אויסבאהאלטן געווער, און אויב יאָ, זאָל מען פרייוויליק ארויסגעבן, ווען נישט, וועט זיין פיל ערגער. קיינער האָט נישט געוווסט וואָס עס איז פלוצלונג געשען. נאָך א שטרענגער רעוויזי׳ע האָבן די נ. ק. וו.דיסטן אין א שארפן טאָן באפוילן: מיר גיבן אייך צייט 15 מינוט, שנעל זיך אָנצוטאָן און איינפאקן די זאכן. איר ווערט ארויסגעשיקט אין סיביר. עס וואַרטן שוין אויטאָס.

אין 15 מינוט, וואָס קאָן מען באווייזן איינצופאקן? יעדער איינער האָט געכאפט וואָס עס איז אונטער דער האנט, וויכטיק, אָדער נישט, ווי אין א שריפה — וואָס וויכטיקער און דרינגנדער, פארגעסט מען איבערהויפט.

די שכנים האָבן אין אויטאָ אריינגעוואָרפן 12 לעבלעך שווארץ ברויט. אין די ערשטע טעג האָט זיך קיינער ריכטיק נישט ארומגעקוקט אויף די ברויטן. אָבער א 15 טעג שפעטער זענען מיר געווען די גליקלעכסטע, ווייל דאָס ברויט האָט אונז אלעמען גערעטעט פון א זיכערן הונגער־טויט. הגם די לעבלעך ברויט זענען שוין דעמאָלט געווען גרין, פארשימלט האָבן מיר זיי געגעסן מיט גרויסן אפעטיט. ס׳איז מיר שווער צו שילדערן אונזער אלעמענס ליידן, בעתן ארעסט אין אָפשיקן אין סיביר. עס איז געווען 2 טעג איידער היטלער האָט געמאכט דעם אָנגריף אויף רוסלאנד. דעם 20־סטן יוני איז דאן געווען פרייטיק. דער שאָסיי־וועג פון שצוצין ביז גרייעווא איז געווען לענג אויס באלייגט מיט אויטאָס, וואָס האָבן פון גאנצן געגנט געפירט מענטשן צו דער באַן־סטאַציע, כדי זיי ארויסצושיקן אין סיביר. מען האָט אריינגעפאקט די מענטשן אין משא־וואגאָנען ווי געפאקטע הערינג. עס זע־נען געווען אויך זייער פיל פאָליאקן. צוזאמען 72 וואגאָנען בערך דריי הונ־דערט מענטשן. פארן אריינזעצן זיך אין די וואגאָנען האָבן די נ. ק. וו. ד. אלעמען נאָך אמאָל רעווידירט און קאָנטראָלירט די רשימות מיט די נעמען.

דעם 21־טן יוני 1 ביינאכט איז ארויס דער צוג פון גרייעווע און גע־גאנגען דורך ביאליסטאָק. זונטיק פרי, דעם 22־סטן זענען מיר געקומען קיין מינסק, דאָרט האָבן מיר געטראָפן אזעלכע עשאַלאָנען פון גאנץ פוילן אין די צענדליקער. דייטשע אעראָפּלאַנען האָבן שוין דעמאָלט באָמבארדירט מינסק. אויך פיל פון די עשאלאָנען זענען באַשאָסן געוואָרן. די וואַגאָנען זענען געפלויגן אין דער לופטן מיט די מענטשן. אין אונזער עשאלאָן זענען געווען 72 וואַגאָנען, אין יעדן וואגאָן ביז פופציק פערזאָן, די פענצטער זענען געווען פארקראטעוועט. 5 נ.ק.וו.דיסטן האָבן געהיטן די ארעסטירטע. עס איז אויך מיטגעפאָרן א דאָקטאָר.

מיר האָבן אזוי פארבראכט אין די וואַגאָנען בערך 21 טעג. די שצוצינער משפחות זענען דאן געווען די „גליקלעכסטע״, ווייל זיי האָבן געהאט די 12 ברויט. די ערשטע טעג זענען זיי נאָך געווען אין א גוטן צושטאנד. שפּעטער איז דאָס ברויט געוואָרן פארשימלט, אָבער מיר האָבן עס געגעסן מיט אפּע־טיט, ווייל אין פארלויף פון די 21 טעג רייזע, האָבן מיר באקומען 7 מאָל צו 400 גראם ברויט און 18 מאָל צו ביסלעך שיטערע זופּ, נישט חלילה אזעלכע זופּן ווי מיר זענען געוווינט געווען אין אונזערע היימען — איין גרינס האָט געיאָגט דאָס צווייטע. אויך האָט מען אייניקע מאָל אריינגעגעבן אין וואגאָן א בלעכענעם עמער מיט וואסער. אין דעם עמער וואסער האָבן מיר עטוואָס ווייכער געמאכט דאָס הארטע פארשימלטע ברויט און זיך דערמיט געשמאק מחיה געווען.

נאָך 21 טעג האָבן מיר זיך דערשלעפּט אין אמסק (סיביר) עס איז גע־קומען א שטרענגע קאָמאנדע פון דער נ. ק. וו. ד.־וואך — מיר זאָלן שנעל ארויס פון די וואגאָנען. אָבער ליידער, האָבן מיר נישט געקענט אזוי גיך אויס־פירן דעם באפעל. מיר זענען געווען 37 מענטשן אין וואגאָן, איינגעקורטשע־

טע, אויסגעדארטע און אויסגעצערטע. דורך דער צייט, אלע באשאַנקען געוואָרן מיט דער דריטער מכה פון מצרים (כינים), נאָר דאָך האָבן מיר זיך געפילט גליקלעך, אז מיר קאָנען זען דעם פרייען הימל, הגם מיר אליין זענען נישט געווען פריי. מען האָט אונז געהאלטן ווי ריכטיקע ארעסטאנטן, ווי די גרעסטע פארברעכער.

די אויטאָבוסן זענען געלאָפן הין און צוריק און גרופנווייז אָפגעפירט די ארעסטירטע אין שטאַטישן צירק, וועלכער איז ארומגעצוימט מיט זייער א הויכן, געמויערטן פארקאן ווי אין דער גרעסטער טורמע. נישט פאר אלע איז געווען אָרט. א טייל ארעסטירטע זענען געבליבן אין די וואגאָנען. די לאגע אין רוסלאנד איז דאן געווען זייער קריטיש. די דייטשן זענען געשטאנען ביי מאָסקווע. אין אָמסק האָבן מיר זיך דערוווסט, אז מען האָט געבראכט געפאנגענע. עס זענען צו אונז געקומען פארשידענע היימלאָזע יידן, פּאָליאקן און איבערגעגעבן, אז אלע ארעסטירטע זאָלן וויסן — די דייטשן שטייען נאָענט פון מאָסקווע און אין רוסלאנד וועט אין די טעג ווארשיינלעך אויסברעכן א רעוואָלוציע. „אויב מען וועט אייך וועלן פירן ווייטער זאָלט איר זיך אָפּהאלטן”. האָט מען אונז גע׳עצה׳ט.

אין א פּאָר טעג שפּעטער איז געקומען אן נ. ק. וו. דיסט און פון א רשימה אויסגערופן די נעמען פון די איבערגעבליבענע אין די וואגאָנען. מען האָט אונז באפוילן ארײנשטייגן אין די אויטאָבוסן. אלע ווי איינער האָבן מיר געמאכט א געוואלד, אז מיר פאָרן נישט ווייטער. מאָמענטאל האָט מען אונז נישט געצוואונגען ארײנצוזעצן זיך אין די אויטאָבוסן, אָבער אויף צומאָרגנס זענען שוין געקומען ביי א 300 נ. ק. וו. דיסטן, מיט צוואנג־מיטלען אונז ארײנגעזעצט אין די אויטאָס. און צעשיקט אין פארשידענע ריכטונגען. מיר האָבן דאָרט זייער שווער געארבעט ביז דעם אָפּמאך פון גענעראל סיקאָרסקי מיט סטאלינען אין וועלכן עס איז געווען א פּונקט צו באפרייען אלע פּוילישע

בירגער פון די טורמעס פון צוואנגס־ארבעט און צו געבן זיי די מעגלעכקייט פריי צו באוועגן זיך איבער גאנץ רוסלאנד. עס האָט זיך אויסגעדאכט, אז מיר זענען שוין „גליקלעך״ אָבער דאָ האָט זיך ווידער ארויסגערוקט אונזער יידישקייט. ביים באפרייען האָט אן נ. ק. וו. דיסט אויסגערופן פאָליאקן אלס פוילישע בירגער און זיי ארויסגעגעבן דאָקומענטן, וואָס באפרייען פון צוואנגס ארבעט, אָבער, ווען מיר יידן, פוילישע בירגער האָבן געפאָדערט אזעלכע באפרייאונגס־פאפירן האָבן די פאָרשטייער פון דער מאכט געענטפערט, אז יידן זענען נישט קיין פוילישע בירגער און ווערן נישט באפרייט, סיידן יעדער זאָל איבערצייגן מיט דאָקומענטן, אז ער איז א פוילישער בירגער, די יידן זענען געוואָרן פארצווייפלט. א סך האָבן יאָמערלעך געוויינט.

מיין גליק איז געווען וואָס מיין פרוי האָט אין די שיך באהאלטן די פויליש־שע בירגער־פאפירן פון 39־טן יאָר. מיט די פאפירן האָבן מיר באוויזן, אז מיר זענען פוילישע בירגער און אויך באקומען באפרייאונגס־דאָקומענטן. אזוי ארום זענען מיר באפרייט געוואָרן פון פארשיקונג. נאָך דער באפרייאונג האָבן מיר געלעבט אין סוויערדלאָווסקער אָבלאסט 2 א האלב יאָר אין זייער שווערע באדינגונגען. די לעצטע אנדערטהאלבן יאָר פארן סוף פון דער מלח־מה זענען מיר איבערגעשיקט געוואָרן אין דניעפּראָפּעטראָווסק.

## דער חורבן פון דער שצוצינער קהילה

דעם 9־טן מאי 2.45 אזייגער אין דער נאכט, הערנדיק אין רוסישן ראַ־דיאָ, אז די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז אונזער אלעמענס שמחה געווען זייער גרויס. אָבער גלייכצייטיק איז געוואקסן אונזער גרויסער צער, דער־וויסנדיק זיך וואָס די היטלעראָווצעס האָבן געמאכט מיט די יידן. טראָץ דעם, וואָס דער ראדיאָ האָט אונז כסדר איבערגעגעבן, אז די דייטשע האָרדעס האָבן אלע יידן אָן אויסנאם ברוטאל אויסגעמאָרדעט, דערשטיקט אין ספעציעלע

גאז־קאמערן, די קערפּערס פאַרברענט אין קרעמאַטאָריומס — טראָץ די דאָזי־קע שוידערלעכע ידיעות, האָט זיך דאָך נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז שוין אָפּגעמעקט געוואָרן. מיר האָבן באַשלאָסן פאַרלאָזן רוסלאַנד און פאָרן צוריק קיין פּוילן. אָבער נישט אַזוי לייכט איז געווען צו פאַרלאָזן ראַטנפאַרבאַנד. ווי זאָגט מען — „א ברייטע טיר אריין און א שמאָלע ארויס".

זייענדיק באַקאַנט מיטן נאַטשאַלניק פון נ. ק. וו. ד. האָב איך ביי אים אויסגעפּועלט א דערלויבעניש צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן דורך ביאַליסטאָק קיין שצוצין.

דעם 1־טן יוני 1945 האָבן מיר איבערגעשיקט אונזער באַגאַזש קיין גרייעווע. מיט גרויסע שוועריקייטן זענען מיר דעם 20־טן יוני אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. אויפן וועג האָבן מיר זיך שוין געניויער דערוווּסט וועגן גרויסן יידישן חורבן אין פּוילן. אָבער מיר האָבן נישט רעזיגנירט פון פאָרן אין שצוצין, אפשר איז דאָך ווער געבליבן לעבן.

אין ביאַליסטאָק אויף דער באַן־סטאַציע האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אונזער באַגאַזש, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן אין גרייעווע איז פאַר־האַלטן געוואָרן אין ביאַליסטאָק. מען האָט אונז אויפגעקלערט, אַז דעם באַגאַזש קען מען נישט איבערשיקן קיין גרייעווע, ווייל דאָרטן געפינען זיך די „אַקאָווצעס" דאָס הייסט די פּוילישע „ארמיא קראַיאָווא", וועלכע דער־שיסן יידן און קאָמוניסטן אויב זיי באַווייזן זיך אין יענעם געגנט. מען האָט אונז אויך אינפאָרמירט, אַז אין ראַיאָן גרייעווע שצוצין זענען איבערהויפּט נישטאָ קיין יידן. נישט געקוקט אויף די אַלע וואָרענונגען, האָב איך דאָך באַשלאָסן מיט אַלע מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין שצוצין, אפשר וועלן מיר דאָרט וועמען טרעפן, אָדער וויניקסטנס דערוויסן זיך, וואָס עס איז געשען מיט די אומגליקלעכע יידן און מיינע נאָענטע.

אין גרייעווע האָב איך געטראָפן באַקאַנטע פּאָליאַקן, זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז אין גרייעווע און אין שצוצין זענען קיין יידן נישטאָ. אויך האָבן זיי מיר אָנגעוויזן די ערטער, ווו עס זענען געקומען צו קבורה די גרייעווער יידן און ווו עס איז דאָס קבר פון די אבראַמסקעס יוסף און שמעון אויף באַגוסער וועג און די קברים פון די פאַרפייניקטע פון גרייעווער און שצוצינער געטאָ. קיין קאָמוניקאַציע־פאַרבינדונג מיט שצוצין איז נישט געווען.

איך האָב ספּעציעל געדונגען אַן אויטאָ אויף אַהין און צוריק. מען האָט מיך געוואָרנט אַז איך זאָל זיך לאַנג נישט אויפהאַלטן דאָרט, ווייל דאָס לעבן איז אין סכנה. מען מאַכט אָנפאַלן און מען זוכט יידן און קאָמוניסטן.

איך בין אַריינגעפאָרן אין שצוצין. אויפן ניישטאָט האָב איך געטראָפן א פרוי, א משומדת. זי האָט זיך פאַר דער מלחמה געשמד'ט און חתונה געהאַט מיט א קריסט. די משומדת האָט מיך זייער וואַרעם אויפגענומען, אַריינגעבעטן צו זיך אין הויז און געפרעגט אין וואָס מיר נויטיקן זיך, וועט זי אונז אַלץ געבן. איך האָב איר זייער העפלעך געדאַנקט און נישט געוואָלט געניסן פון אירע טובות, הגם אין דער זעלבער צייט האָט געהאַט א גרויסע באַדייטונג אפילו א שטיקל שוואַרץ ברויט...

די משומדת האָט מיר איבערגעגעבן בפרטיות, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס אומגליק אין שצוצין:

ווען די דייטשן זענען דעם 22־טן יוני 1941 באַפאַלן ראַטנפאַרבאַנד, איז פון דעם טאָג־אָן די שטאָט געבליבן א גאַנצע וואָך אָן א מאַכט, אָן רוסן און אָן דייטשן. אין דער וואָך האָבן די פּאָליאַקן געהאַט די געלעגנהייט צוצוגרייטן א פּאָגראָם אויף די יידן, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין דער נאַכט פון פרייטיק אויף שבת, פון 27־טן אויפן 28־טן יוני.

דער פּאָגראָם איז געוואָרן אָרגאַניזירט פון דער פוילישער אַנטיסעמי־

טישער אינטעליגענץ, וואָס האָט די בלוטיקע ארבעט איבערגעגעבן אין די הענט פון די ריכטיקע מערדערס. גארדאצקי דער קיילער און זיינע זין האָבן אָנגעפירט מיטן פּאָגראָם. זיי האָבן אָרגאניזירט דעם פינצטערן המון, א הונדערט פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבן זיך באוואָפנט מיט העק, מעסערס קאָסעס, לאָפּאַטעס און פארשידענע שווערע אייזנס.

אין דעם פינצטערן פרייטיק, איינס אזייגער אין דער נאכט האָט זיך אָנגעהויבן די גרויזאמע שחיטה איבער די אומגליקלעכע יידן. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן פון די פּאוועלקעס און גענדיקט ביי אסתר קריגער. לויט די הכנות פון די פּאָגראָמשטשיקעס איז די נאכט געווען צו קורץ, כדי פארטיק צו ווערן מיט אלע יידן. עס איז ביי זיי באשלאָסן געוואָרן פאָרצוזעצן דעם פּאָגראָם אויך אין דער קומענדיקער נאכט פון שבת אויף זונטיק און פארענדיקן מיט דער רעשט ביסל געבליבענע יידן.

צום גליק איז שבת נאָכמיטאָג אָנגעקומען א קאמפּאניע דייטשיש מילי־טער. א פרויען־דעלעגאציע האָט זיך געווענדעט צום הויפּט־מאַן, ער זאָל באשיצן די שטאָט פון די מערדערס, ווייל זיי ווילן אין דער נאכט אויסקוי־לענען די רעשט געבליבענע יידן. דער הויפּט־מאַן האָט געענטפערט: „מיר זענען נאָר מיליטער־לייט און מישן זיך נישט אין די ציווילע אינטערעסן פון שטאָט".

אויף די יידן איז דאן געפאלן א שרעקלעכער פּחד זעענדיק פאר זיך דעם טויט, וואָס עס דערוואַרט זיי אין דער פינצטערער נאכט. די מאנסלייט האָבן איבערהויפּט זיך נישט געטאָרט ווייזן אין דער גאס. זענען די פרויען געפאלן אויף א פרישער המצאה:

לויפן קיין גרייעווע בעטן הילף. די פרויען־דעלעגאציע האָט מען אָבער אין גרייעווע נישט אריינגעלאָזן. די פינצטערע נאכט האָט זיך דערנענ־טערט. אין די יידישע שטובן האָט געהערשט פּחד און פארצווייפלונג.

די פרויען־דעלעגאציע האָט זיך אויפסניי געווענדעט אין שצוצין צום דייטשן הויפטמאן און אים געבעטן ער זאָל געבן שמירה אויף דער שטאָט. דערפאר וועט מען די דייטשן באפרידיקן מיט גוטע פראָדוקטן. דער הויפט־מאן איז דערויף איינגעגאנגען. מען האָט גלייך צוזאמענגעקליבן פראָדוקטן אין יידישע הייזער. יעדער האָט אוועקגעגעבן דאָס לעצטע: קאפע, קאקאָ, צוקער, טיי און פארשידענע געטראנקען, וואָס עס איז אוועקגעטראָגן געוואָ־רן צום מיליטער־הויפטמאן. נאָכן באקומען די מתנות, האָט ער ארויסגע־שיקט א פאטראָל איבער דער שטאָט. אזוי ארום איז אין דער דאָזיקער נאכט נישט פאָרגעקומען קיין פאָגראָם און מען איז דערווייל ניצול געוואָרן פון טויט. ווי מען זאָגט: גוט איז א חי שעה. אבער נישט אויף לאנג האָבן די דאָזיקע מתנות געהאָלפן.

ווען די דייטשן האָבן שוין געבאלעבאטעוועט אין שטאָט, האָבן זיי ארויסגעגעבן א פאראָרדענונג, אויפצושטעלן א געטאָ פאר יידן. מען האָט גערופן אין מאגיסטראט פאָליאקן און זיי ארויסגעגעבן די ארבעט פון אָפ־צוימען דאָס געטאָ, וואָס זאָל פארנעמען די קרומע גאס, וועלכע גרענעצט זיך מיט דער פארבעריי פון זונדל דעם שלאָסערס איידעם, און פון דער צווייטער זייט צו דער גאס נעבן פענזוכן. ארום דעם געטאָ איז אויפגע־שטעלט געוואָרן א הויכער פארקאן פון שטאכל־דראָט. די פאָליאקן האָבן ווידער דערלעבט א נקמה אין די אומגליקלעכע יידן.

ווען דאָס געטאָ איז דורך די פאָליאקן פארטיק געוואָרן, האָבן זיי בא־קומען דאָס רעכט צו פארטרייבן די יידן אין געטאָ. די אנטיסעמיטישע פאָ־ליאקן האָבן די יידן געשלאָגן מיט שטעקנס ביז בלוט.

אין געטאָ האָט מען די יידן צעטיילט לויט קאטעגאָריעס: פרומע, סוח־רים, ליידיקגייערס האָט מען ארויסגעפירט אויפן מיטן מארק. ארבעטער, שניידער, שוסטער און נאָך פאַרשידענע אנדערע בעלי־מלאָכות, פרויען,

קינדער האָט מען איבערגעלאָזט אין געטאָ. דעם רב, דעם דיין, די שוחטים און די בכבודיקע בעלי בתים פון שטאָט, האָבן זיי באזונדער אויסגעשטעלט אויפן מיטן מארק. זיי האָט מען אָפגעשיקט קיין באָגושע. די פּאָליאקן האָבן די ארויסגעשיקטע באגלייט מיט קלעפּ. אין באָגושע האָט מען זיי געהאלטן א לענגערע צייט ביז מען האָט דאָס באָגושער געטאָ אויך ליקווידירט. א סך האָט מען צעשאָסן אויפן אָרט און די איבעריקע איבערגעשיקט מיטן באן אין מאידאנעק. דאָרט זענען די קדושים פארפייניקט געוואָרן אין די גאז־קאמערן.

די דייטשן האָבן מיט פארגעניגן זיך צוגעקוקט ווי די פּאָליאקן טרייבן און שלאָגן די יידן, וועלכע מען האָט ארויסגעפירט צום דערשיסן אויפן בית עולם. דאָרט האָט מען די אומגליקלעכע אויפסניי ברוטאל געשלאָגן און געפּאָדערט פון זיי, זיי זאָלן פאר זיך זעלבסט אויסגראָבן א טיף ברייט גרוב. ווען דער גרוב איז פארטיק געוואָרן האָבן די דייטשן אָפּגעגעבן איי־ניקע זאלפן פון מאשינען־געווער און די אומגליקלעכע יידן האָבן פארענ־דיקט זייער לעבן.

פאר די פּאָליאקן איז אונטערגעקומען א פרישע שמחה. די דייטשן האָ־בן ארויסגעגעבן א פאראָרדענונג ליקווידירן די געטאָס אין שצוצין און אין באָגושע ביי גרייעווע. די פּאָליאקן האָבן געדאַרפן צושטעלן פורן ארויסצו־פירן די יידן. פארשטייט זיך, אז זיי האָבן דאָס אויסגעפירט און די געטאָס אין שצוצין און אין באָגושע זענען ליקווידירט געוואָרן.

וועגן די דאָזיקע טראגישע איבערלעבונגען און קדושים טויט פון די שצוצינער יידן האָט מיר דערציילט די פרוי, די משומדת. פאר מיין פארלאָזן פוילן האָב איך אָפּט באזוכט שצוצין, און קאָן באשרייבן ווי דאָס שטעטל האָט דעמאָלט אויסגעזען: דער מארק איז פון אלע זייטן געווען רואינירט. פון פנחס ראָזענס הויז ביז מאיר פענזוכס איז וויסט. עס וואקסן דאָרט קאר־

טאָפּל אויף דעם גאַנצן שטח. דער פּלאַץ פון דער שול איןביידע בתי־מדר־שים איז אָפּגעריייניקט, גאַרנישט צו דערקענען. אויפן בית עלמין זענען די מצבות אַראָפּגענומען. די ערד איז צעאַקערט און עס וואַקסן קאַרטאָפּל. די קרומע גאַס איז אויך נישטאָ.

די ריכטיקע פּאָגראָמשטשיקעס ווי די דריי גאַרדאַצקעס, דעם קיילערס זון און נאָך א 25 מערדערס האָבן באַקומען זייער פּסק. א טייל פון זיי זע־נען נאָך דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן און די איבעריקע דורך די רוסן. אייניקע פון די פּוילישע יידן־מערדער זענען אַרעסטירט געוואָרן דורכן פּוילישן פּראָקוראָר. מען האָט געזוכט עדות, וואָס זאָלן פעסטשטעלן די שולד פון די מערדער. אָבער די עדות, משומדים פון שצוצין און ראַדזשילאָוו האָבן מורא געהאַט אַרויסצוטרעטן אין געריכט. איך האָב מיט אייניקע פון זיי גערעדט, האָבן זיי מיר אָפן דערקלערט, אַז זיי האָבן מורא פאַר זייער לעבן. אויך אייניקע פּאָליאַקן זענען אַרויסגעפּאָדערט געוואָרן דורכן פּראָ־קוראָר, זיי זאָלן אויסגעבן די ריכטיקע מערדער, און אויך נישט געוואָלט אָפּגעבן קיין דערקלערונגען. די מערדער זענען געזעסן אייניקע חדשים אין טורמע ביזן געריכט און באַפרייט געוואָרן. עס האָבן געפעלט עדות. דער מערדער ביבער, האָט זיך אַליין מודה געווען אין דערמאָרדן א צענדליק יידן, האָט מען אים פאַראורטיילט אויף 15 יאָר טורמע.

פישל מיכאלסקי

# מײנע איבערלעבונגען אין דער צװײטער װעלט־מלחמה

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, װען עס האָט אױסגעבראָכן די מלחמה בין איך געװען אין שצוצין, װו איך בין געבױרן געװאָרן און געלעבט מיט מײַנע עלטערן, ברידער און שװעסטער צוזאמען. איך האָב נישט געקענט איבערלאָזן די משפּחה און אַלײן לױפן װײַטער זיך ראַטעװען, װי עס האָבן געטאָן אַ סך מענטשן.

7 טעג איז אַריבער בײַ אונז שטיל. פּלוצלונג, דעם 8־טן טאָג פון זינט דעם קריג־אױסברוך איז געװאָרן אַ שיסערײַ. מיטאַמאָל האָבן גענומען אַרײַנמאַרשירן טאַנקען מיט דײַטש מיליטער. אין די ערשטע שעהן זענען די גאַסן געװען אָפּגעלײדיקט, יעדער האָט זיך באַהאַלטן. לסוף האָט מען זיך צוגעװײנט צום געדאַנק, אַז די דײַטשן זענען אין שטאָט און מען האָט זיך צוביסלעך גענומען באַװײַזן אין די גאַסן.

אױפן דריטן טאָג, נאָכדעם װי די דײַטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע מענער פון 16 ביז 45 יאָר מוזן זיך קומען מעלדן. דאָס איז. געװען שבת אינדערפרי. דער עולם האָט נישט געהאַט קײן ברירה און זיך צוגעשטעלט. מ׳האָט זיך געזאַמלט אין גאַס נעבן טביה שײַנבערגס הױז און מען האָט זיך אױסגעשטעלט צו 5 אין אַ רײ. צוזאַמען זענען געװען 250 ייִדן און 150 פּאָליאַקן. אונטער אַ װאַך האָט מען אונז געפירט אױף נײַשטאָט, צו דעם אָרט נעבן דער פּאָסט. דאָרטן האָט מען יעדן אײנעם באַזוכט. די רעװיזיע איז באַגלײט געװאָרן מיט קלעפּ פון די דײַטשן.

מען האָט אונז אריינגעפירט אין דער שול און דאָרט געהאַלטן אונטער א שטרענגער וואך. עס איז נישט געווען דערלויבט ארויסצוגיין אפילו אין בית כסא. דאָס איז געווען פיל ערגער ווי נישט עסן דעם גאנצן טאָג.

דעם צווייטן טאָג זונטיק, איז געווען דערלויבט צו ברענגען יעדן איינעם עסן פון דער היים.

מיר האָבן נישט געוווסט וואָס עס דערוואַרט אונז. נאָך מיטאָג האָט מען אונז מודיע געווען, אז מיר וועלן ארויסגעשיקט אויף ארבעט קיין דייטשלאנד.

מיר זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין רייען און מען האָט אונז גע־נומען טרייבן און יאָגן, אלע אָן אויסנאַם: קרומע און לאָמע, געזונטע, קראַנקע. מען האָט אונז געטריבן ערגער ווי א פּאסטוך זיינע בהמות.

מיר זענען אריבער די דייטשע גרענעץ. דייטשן, יונג און אלט, אויך קליינע שקצים, האָבן אונז באוואָרפן מיט שטיינער, ווייל „די יודען זענען שולדיק אין דעם קריג". מיר זענען געקומען ביינאכט אין דער שטאָט ביאלע. איבערגענעכטיקט האָבן מיר אויפן גאַס. אויף מאָרגן האָט מען אונז געפירט ווייטער אין פארמאכטע בהמות־וואַגאָנעס אָן עסן, אָן טרינקען. און ווען מיר האָבן געדאַרפט אריבערגיין אויף א צווייטן וואָקזאל, האָט מען אונז געפירט איבער די שענסטע גאַסן פון דער שטאָט, כדי צו ווייזן דער דיי־טשער באפעלקערונג די „יידישע פארברעכערס". אין דער ערשטער ריי האָבן אונזערע באגלייטער אוועקגעשטעלט צוויי משוגעים: יודל דער משוגענער און נאָך א משוגענעם פון ניישטאָט. ערב ראש השנה האָט מען אונז געבראכט אויף א פּוסטן פּלאַץ. דאָרט זענען מיר געלעגן אויף דער ערד אין קעלט און הונגער, באוואכט פון דייטשן, באוואָפנט מיט מאשין־געווער. ביי טאָג האָט מען אונז געצוווּנגען צו גראָבן גריבער. יעדער איז געווען זיכער, אז דאָס גראָבט ער א קבר פאר זיך. א טויט־שרעק איז אלעמען באפאלן.

פארנאכט האָט מען אונז געגעבן עסן. מען האָט אויפגעשטעלט לייוונ־טענע געצעלטן פאר אונז און דאָס זענען געווען אונזערע וווינונגען אויף 5 חדשים. מיר זענען געלעגן אויף דער ערד, די גאנצע צייט נישט געביטן קיין וועש. מיר האָבן געארבעט יעדן טאָג און באקומען 200 גראם ברויט א טאָג און איין מאָל אין טאָג א ביסל זופ פון ברוקעוו. זייער א סך מענטשן זענען אויסגעשטאָרבן. די לעבנגעבליבענע האָט מען אָפגעפירט צוריק קיין פוילן.

5 טעג זענען מיר געפאָרן אין הונגער און קעלט. לסוף האָט מען גענומען אונז ארויסטרייבן פון די וואגאָנעס און אויף די, וואָס זענען ארויס האָט מען געעפנט א פייער פון מאשין־געווער. עס זענען געפאלן א סך מענטשן. געראטעוועט האָט זיך א קליינער טייל, וועלכע זענען אנטלאָפן און מיט גרויס שוועריקייטן זיך דערשלעפט קיין וולאָדאווע. דאָרטן האָט מען אויך געבראכט צו קבר ישראל די געשאָסענע יידן. די וואָס זענען גע־בליבן לעבן זענען געווען קראנק און געהאט געפרוירענע פיס. זיי זענען געלעגן אין וולאָדאווע 2 חדשים. איך בין אוועק קיין שצוצין. דאָרט זענען אריין די רוסן. שפעטער האָבן געדארפט צוריקקומען די דייטשן, זענען מיר איבערגעגאנגען דעם גרענעץ צו די רוסן.

מיר זענען אריבער צו די רוסן אין יאָר 1940. עס איז געווען פורים. די רויט־ארמייער האָבן אונז נישט געטריבן צוריק, נאָר ארעסטירט, אָפגע־פירט קיין בריסק און ארייגעזעצט אין תפיסה אויף 6 חדשים. נאָך דעם האָט מען אונז אוועקגעפירט קיין רוסלאנד אין לאגער.

מיט מיר זענען געווען די שצוצינער : משה אדמסקעס זון — געשטאָרבן אין יאָר 1942, יצחק ווערטמאן — געפינט זיך היינט אין תל־אביב און שלום קיימאן — לעבט אין אמעריקע; אין רוסלאנד האָבן מיר קיין האָניק נישט געלעקט, געארבעט אין די וועלדער 12 שעה א טאָג און אזוי איבערגעלעבט די מלחמה. איצט געפין איך זיך אין ישראל.

**חיה גאָלדינג-קיימאַן**

# דאס לעבן אין א ביאַליסטאָקער בונקער

די שצוצינער משפּחה גאָלדינג האָט זיך אַריינבאַ־
קומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ, ווו זי האָט נאָך דער
ליקווידאַציע געלעבט אין א בונקער (אונטערערדישע
באַהעלטעניש).

**אויף א רירנדן און העכסט־אינטערעסאַנטן אופן באַשרייבט חיה גאָל־
דינג אירע איבערלעבונגען אין דער אונטערערדישער באַהעלטעניש אין
ביאַליסטאָק. זי הויבט אָן איר בריוו מיט א שילדערונג וועגן צוויי קינדער
יאָסעלע און ניוניע און זי דערציילט וועגן זייערע מעלות און זייער קלוג־
שאַפט. די צוויי יינגלעך, וואָס זענען ווייזט אויס געווען נאָענטע קרובים,
האָבן צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע א סך דורכגעמאַכט. זיי האָבן אָבער
גוט פאַרשטאַנען זייער לאַגע און גלייך מיט די גרויסע זיך געהאַלטן בראַוו
און מוטיק. מיר גיבן דאָ איבער דעם גרעסטן טייל פון חיה גאָלדינגס בריוו.**

**זי שרייבט:**

**יאָסעלע איז געווען א דאַר יינגעלע. פינף יאָר אַלט, א שוואַרץ חנעוור־
דיקער, דראָבנע און קליין, א ביסל א כעסן און א פלאַם־פייערדיקער שטי־
פערל. ניוניע איז געווען מיין זונעלע, פיר און א האַלב יאָר אַלט. א בלאָנ־
דער מיט בלויע, גרויסע אויגן, ברייטע פלייצקעס, גרעסער און שטאַרקער
פאַר יאָסעלען. זיי פלעגן זיך ביידע שפּילן, הרגענען און זיך שטאַרק ליב
געהאַט. שפּעטער אין געטאָ, ווען מיר האָבן געוווינט צוזאַמען, האָט זיך די**

פריינטשאפט ביי די יאטלעך נאָך פארשטארקט. ניוניע איז געווען אן עסע־רל. ווען ער האָט דערזען א פולן טעלער זופ, האָבן זיינע אויגעלעך אויפ־געלויכטן פאר פרייד... די יינגעלעך זענען געווען שטענדיק צוזאמען, גלייך געווען אָנגעטאָן און פרעמדע האָבן געמיינט, אז זיי זענען ברידערלעך. ווייל ניוניע איז געווען דער גרעסערער האָט יאָסעלע פאר אים דרך־ארץ געהאט, און ביים שפילן זיך אין אן „אקציע", ביים כאפן יידן פון אונטער דער שאפע און פון אלע ווינקעלעך פון הויז איז ניוניע געווען דער קאָ־מענדאנט פון דער „געסטאפאָ" און יאָסעלע איז געווען דער ייד מיט דער געלער לאטע אויף דער שמאָלער פלייצקע. ער האָט געקוקט חוצפה'דיק דעם „דייטש" אין פנימל און שטאָלץ געגאנגען אונטער זיין וואך. דערפאר ווען עס איז שפעטער געקומען דער ערנסטער מאָמענט, ווען מען האָט זיך געמוזט באהאלטן אין „סכראָן" (באהעלטעניש) אונטער דער ערד, האָבן די קינדער פארשטאנען די ערנסטקייט און געוווּסט ווי זיך צו פארהאלטן.

זיי זענען געווען אזוי שטיל ווי מייזעלעך. נישט פארלאנגט קיין ברויט און נישט קיין טרינקען. ווען מען האָט אין דער הויך געהערט שווערע טריט און מען האָט „געהאקט די פאָדלאָגע איבער אונזערע קעפּ, האָבן די יינגעלעך דעם אָטעם איינגעהאלטן און זיך שטארקער געטוליעט צו אונז. ערגער איז געווען מיט שלומ'קען. מיין שוועסטער שרה'ס יינגעלע, 6 יאָר אלט. ער איז געווען קלוג, אָבער נערוועז. די פרעמדע יידן האָבן געדראָט, אז מען וועט אים מוזן „פטרן". א וואָך צייט איז מען נאָר געזעסן דאָס ערשטע מאָל אין באהעלטעניש פון 16־טן ביזן 24־טן פעברואר 1943. מ'האָט דעמאָלט 10.000 יידן ארויסגעפירט פון ביאַליסטאָק און ווידער שטיל.

דעם 15־טן אויגוסט 1943, האָט זיך אָנגעהויבן די לעצטע „אקציע" אין געטאָ — „ביאַליסטאָק יודען־ריין" — 30.000 יידן האָבן ווי שעפסן זיך צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט, טראָץ דעם, וואָס מען האָט גוט געוווּסט, ווו

מ׳פירט זיי. אין פאַרשידענע פונקטן פון געטאָ האָט די יוגנט געשטעלט א ווידערשטאַנד, וועלכער איז אָבער נאָך די העלדישע קאַמפן דערדריקט געוואָרן. מיר זענען אראָפּ אין אונזער „סכראָן״. אָנשטאָט 17 פּערזאָן, אויף וועלכע מיר האָבן גערעכנט, זענען אראָפּ 33. טונקל און ענג, א מאַנגל אין לופט, א שרעק צו דערציילן וועגן יענער צייט. דריי חדשים האָבן מיר זיך אזוי געמאַטערט. די ערשטע צייט איז מען געקומען זוכן באַהאַלטענע מענטשן. מען האָט געהאַקט און געקלאַפּט די ווענט, די פּאָדלאָגעס און א פּייג געפונען. דער אריינגאַנג איז געווען גוט פאַרמאַסקירט אונטער אן אויוון מיט א טירעלע, וואָס האָט זיך קונציק געעפנט. מיין מאַן, משה־אהרן, האָט דאָס אויסגעטראַכט און מיט דער הילף פון אונז, פרויען און קינדער, דעם „סכראָן״ אויפגעבויט. ער איז אינעווייניק געווען פּרימיטיוו. מיר האָבן נישט געהאַט געבוג מיטלען אים באַקוועמער צו מאַכן. מיט שפּייז אויף א לאַנגער צייט זענען מיר אויך נישט געווען צוגעגרייט. מיר האָבן די פאַרשימלטע סקורקעס ברויט געוואַשן מיט א בערשטעלע, באַשאָטן מיט א ביסל „מאָנטשקע״ (געשאָטענעם צוקער) און דאָס געגעבן די קינדער צו עסן. מען האָט געזוכט, גערופן ביי די נעמען, געדראָט, אז אויב מיר קומען נישט גלייך ארויס רייסט מען אויף דאָס הויז. אָבער אלע זענען געווען אַנטשלאָסן: בעסער פאַרברענט ווערן און לעבעדיק אין זייערע הענט נישט אריין.

אונזערע יינגעלעך, די זיסע, קליינע קדושים׳לעך — ווי העלדיש, ווי בראַוו זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אונזער קאַמף קעגן טויט. איך ווייס נישט ווו עס האָט זיך אזוי פיל כוח און ענערגיע צו מיר גענומען. איך בין געווען די ערשטע, וואָס האָט געוואַגט ארויסצוגיין ביינאכט אין דרויסן. איך האָב צוריקגעבראַכט אויפן פּלייצע א זאַק מיט שפּייז. ווי א קאַץ האָב איך זיך געשאַרט ביי די מויערן און אריין אין א פרעמדער

דירה. אויפן טיש איז דאָרט געשטאַנען נישט קיין דערטרונקענע טיי. איך גיב א קוק: ווען אין א באַליע, אין א ווינקל א ליידיק וויגעלע, ווי מענטשן וואָלטן אַקאָרשט ארויס. עס האָט א שטאָך געטאָן אין הארץ. עס האָבן מיך נישט אינטערעסירט די פולע שאפעס און שופלאַדן מיט די בעסטע זאכן. א זעקעלע גרויפּן אין א ווינקעלע, א ביסל קארטאָפל — דאָס איז געווען מיין פּראָבלעם. די קינדער האָבן פון מיר געקוואַלן. איינמאָל האָב איך אפילו מאלינעס און סאָק געבראכט. מיין מאן משה־אהרן האָט געצאָלט מיט גע־זונט, ער איז שטענדיק געווען אין שרעק פאר מיר.

איינמאָל בין איך געווען מיט זלמן וויינצימער, מיין שוואָגער, אין א פרעמדער דירה. מיר באקוקן פאַרזיכטיק א פלאש און פלוצלונג הערן מיר אונטער די פלייצעס א פרעמדע שטימע אין יידיש. אין דער וווינונג איז אויך געווען א „סכראָן". מיר האָבן זיך איינע מיט די אנדערע דערפרייט. דאָס איז געווען גערשוני, וועלכער איז געווען באהאלטן מיט נאָך דריי פרויען, אויף ציעפּלע גאס 2, אין דער וווינונג פון קצב מינעס. מיר האָבן שטיל און שנעל געפליסטערט: ווו איז דער פראָנט, וואָס וועט מיט אונז זיין. אָפט פלעגן מיר זיך טרעפן מיט אנדערע באהאלטענע פון געגנט. מיר האָבן געהאט אן אלגעמיינעם צייכן: דריי מאָל א קלאַפּ מיטן צונג אָן גומען און מיר האָבן געוווסט ווער עס קומט אָן.

ביי אונז איז געווען א צרה מיטן אָנצינדן א שוועבעלע, ווייל עס האָט פארפעלט זויער־שטאָף אין דער לופט. פאר א פלאש בוימל אָדער צוקער האָבן מיר געקראָגן א שאכטעלע שוועבעלעך, א צוויי שטיינדלעך צו א צי־גארעטן־צינדער. דער רויך פון נאַפט־לעמפּל איז געקראָכן אין די אויגן און אין די נאז־פליגלען. איך האָב זיך איינמאָל געזען אין א שפּיגל פון א פרעמ־דער וווינונג און איך האָב זיך נישט דערקענט. איך בין געווען מאָגער און שווארץ, איך האָב זיך דערשראָקן, איך האָב געמיינט, אז א פרעמדע פרוי האָט מיך געפּאַקט. די פליי האָבן שרעקלעך געמאטערט. אין א גרויסער

מאָס איז צוליב די פליי באגאנגען זעלבסטמאָרד ביי אונז אין „סכראָן" א סטאָוויסקער סוחר מיטן נאָמען גאָלדפלאַם, וועלכן זלמן ווײַנצימער האָט מיטגעבראַכט צו אונז.

מען האָט געהאַפּט, געגלויבט, געשטופּט די טעג אין טויטער שטילקייט און די נעכט אין קאַמף קעגן הונגער. קיין ברויט אין די וווינונגען האָט מען מער נישט געפונען. מען האָט צייטנווייז געבאַקט קאַרענע פּאַמפּושקעס אויף א פּאַטעלניע, מיט א ביסל צוקער. עס האָט געהאַט עפּעס א טעם פון כאַל־ווע און מען האָט עס געהאַלטן פאַר א נאַש. מען האָט געבענקט נאָך א שטי־קעלע ברויט. איינמאָל איז אונז איינגעפאַלן א געדאַנק: אפשר זאָלן מיר אָפּבאַקן ברויט אין א פאַרלאָזטער בעקערײַ? מעל איז געווען גענוג, אָבער טאָמער זעט מען דעם רויך פון קוימען. דער געדאַנק וועגן ברויט האָט אָ־בער געלאָקט און גערייצט. מיך מער ווי אלע. מײַן משפחה האָט געציילט עלף נפשות אָן עין הרע: די מאַמע ע"ה, דאָרע מיטן קינד, שרה'לע, זלמן און קינד, מיר זאַלבע פיר, עזריאל ז"ל, דער גאַרבאַטער שמש פון רב ר' יאָסעלע זצ"ל.

עס האָבן זיך צווישן אונז געפונען פינף געזונטע מענער: יעקב לאַ־כאָוויטש, א סטאָליאַר פון אָסטראָלענקע, מיט א פּאָר שטאַרקע הענט און ברייטע פּלייצעס, מיכל פון סאָקאָלע, 27 יאָר אַלט, מיר האָבן אים א נאָמען געגעבן וואַלד־מענטש, ווײַל ער האָט 10 חדשים געהאַט געוווינט אין וואַלד אין א הייל, ער איז געקומען קיין ביאַליסטאָק נעמען זײַן מוטער צו זיך אין וואַלד אַרײַן און ער האָט אַרײַנגעפאַסט אין א „גליקלעכער שעה". דער דריטער איז געווען איינער מיטן נאָמען מויערמאַן, א גראָדנער יונגערמאַן, גרויס ווי א ריז. מיר האָבן אים גערופן דער „טאַנק", ווײַל ער איז געווען שווער, טראָץ דעם, וואָס ער איז שטענדיק געגאַנגען באָרוועס האָט די ערד אונטער אים געציטערט. צו זיי זענען געווען נאָך צוויי פעסטע יונגען,

איך האָב געגומען מיט זיי איינטעגהען, אז מען זאָל מאכן א געבעק ברויט אין דער בעקעריי אויף ציעפּלע גאס 5. דאָס איז א קאצן־שפּרונג פון אונז, אין א נידעריקער כאטקע. די מויערן ארום וועלן פארשטעלן דעם רויך און איך וועל זיין דער פאכמאן אין באקן. איך האָב גערעדט מיט קוראזש און איינגערעדט דעם עולם. מען האָט באשלאָסן, אז ביינאכט זאָלן מיר זיך צו־כאפּן אין דער בעקעריי.

מיר האָבן אין דער בעקעריי פארהאָנגען דעם פענצטער מיט טישטע־כער און זעק, אָנגעצונדן די עלעקטרי. עס זענען דאָרט געווען דריי זעק מעל און האָלץ. איך צי אויף זיך ארויף א גרויסן שירץ. איך פארשאר די ארבל און שייער און וואש די קאסטנס. איך שיט אריין מעל, נישט קיין סך. צעמיש מיט וואסער און מאך א זויער. מיר לאָזן עס שטיין ביז אויף דער צווייטער נאכט. אויך צומאָרגנס האָבן מיר אָפּגעהאלטן א קאָנפערענץ אין „סכראָן", ווער עס זאָל זיך באטייליקן אין באקן דאָס ברויט. עס איז געבליבן, אז יע־דער פאמיליע לויט איר גרויס דארף געבן אירע מענטשן. די ארבעט אין דער בעקעריי איז געגאנגען שטיל און פלינק. דאָס פייער האָט געקנאקט פריילעך ווי אין די גוטע צייטן. די מענטשן זענען געוואָרן אויפגעמונטערט און מען האָט זיך אפילו געוויצלט. „מען האָט זיי אין דר'ערד" האָט יעקב געזאָגט. 44 ברויטן קיילעכדיקע זענען געווען אויסגעלייגט אויף די ברעטער און געווארט אויפן אויוון. דערווארעמט בין איך ארויס אין דרויסן אויף דער וואך. קיין פונקען פון קוימען גייען נישט מער. עס איז טונקל און שטיל ארום און ארום. איך בין גאָרנישט נויטיק אלס וואך.

פלוצלונג דוכט זיך מיר אויס אז איך זע עפעס שווארצע פלעקן פון דער ווייטנס. אפשר ביימער? זיי באוועגן זיך אָבער, זיי קומען נענטער. עס קלאפּט מיר דאָס הארץ שנעלער און שנעלער. איך לויף אריין אין דער בע־קעריי און דערצייל וועגן דעם געפאר. מען לעשט אויס דאָס ליכט און אלע

צעלויפן זיך. איך ווייס נישט פאַרוואָס איך בין געבליבן די לעצטע, נישט געלאָפן, נאָר זיך געשטעלט הינטער א טיר שטיל ווי אין אן אויער. צוויי מענטשן אין שווארצן דערנענטערן זיך. דורך דער שפּאַרונע פון טיר זע איך, אז זיי זענען אין ציווילע קליידער און עס ווערט מיר לייכטער. זיי טרעטן אריבער די שוועל און זיי שעפּטשען אין יידיש. איך גלייך זיך אויס, שטעק ארויס דעם קאָפּ און פרעג ווער דאָס איז. זיי הערן מיין קול און אייגער כאַפּט מיין האנט און קושט איר און רופט אויס מיט א ציטער: יידן, יידן האָבן מיר געפונען! איך לאָז זיי שטיין, לויף אין דרויסן און מיטן קלאַפּן פון צונג דריי מאָל אָן גומען, אונזער צייכן, רוף איך צוריק אלע, וואָס האָבן זיך פארשטעקט אין די ארומיקע נאָרעס. מען פרייט זיך איינע מיט די אנדערע. די צוויי יונגעלייט זענען געקומען פון א נאָרע, אויף ניי־וועלט 20. זיי האָבן געמיינט, אז אויסער זיי זענען קיין יידן אין געטאָ נישטאָ. זיי זענען צום ערשטן מאָל ארויס און דערשפּירט דעם ריח פון פרישן ברויט. דאָס האָט זיי געבראַכט צו אונז. מען האָט איינע די אנדערע א סך דערציילט, גערעדט און נישט באמערקט ווי עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס זענען אריין נאָך צוויי בחורים און א מיידל פון אן אנדער „סכראָן”. זיי זענען געווען אנטציקט פון דעם איינפאל פון באַקן ברויט און גיריק איינגעזאַפּט אין זיך דעם געשמאַקן ריח.

די ברויטן זענען געוואָרן פארטיק. גלאַנצנדיקע, שיינע, נאָר אָנשטאָט רויט פון אויבן זענען זיי געווען שווארצלעך. אָנשטאָט טרוקן זענען זיי אינעווייניק געווען פייכטלעך, קלעפּיק, אָבער וועמען איז דאָס אָנגעגאַנגען? מיט צוויי לעבלעך אונטערן אָרעם זענען די צוויי יונגלייט אוועק. די אנדערע האָבן ביי אונז געבעטן דעם איבערגעבליבענעם זויער און דעם שליסל פון דער בעקעריי. אלע „סכראָניאַזשעס” האָבן זיך וועגן דעם שנעל דערוווסט און יעדע נאַכט האָט אן אנדער „סכראָן” געבאַקן ברויט. „מען האָט זיי גע־

האט אין דר׳ערד״. יאָסעלע און ניוניעלע האָבן זיך געפּרייט, די ציינדעלעך האָבן ווידער געקנאַקט און די אויגעלעך געפינקלט. צו האָבן דען טאָרטן, מאַרצעפּאַנעס ווען אמאָל בעסער געשמעקט ווי די קלעפּיקע ברויט מיט די פארברענטע ביטערע הויט?

פלוצלונג אַן אומגליק. נישטאָ מער קיין וואסער און קיין עלעקטרי. די דייטשן האָבן אַלץ אָפּגעשלאָסן אין דער ליידיקער געטאָ. אומזיסט אונזער קאַמף. מיר זענען פאַרלוירן. פון שכנות׳דיקן הויף, יוראַוויעצקע 26 זענען 25 פּערזאָן אויף צוזאַרגנס ארויס מיט ווייסע ליילעכער, אלס צייכן, אז זיי גיבן זיך אונטער. דאָס איז געווען די פאַמיליע רודע, פלעבאַן, פינקעלשטיין זעלמאַנאָוויטש און אנדערע. מיר האָבן אזוי שנעל נישט געוואָלט אויפגעבן אונזער לעבן. מען האָט גענומען זוכן עצות. מיר האָבן געהאַפט, אז אין גרויסן קעסל אין רודעס בעקעריי געפינט זיך נאָך וואסער. מיר האָבן אין דער פינצטער געטאַפּט דעם קראַן, געדרייט אהין און אהער, קיין טראָפּן וואסער. מיר טראַכטן: אפשר נידעריקער פון דעם קראַן? מיר וויקלען אַ־רום אַ שמאַטע אויף אַ לאַנגן שטעקן, רוקן אים אראָפּ. זי קומט ארויף אַ טרוקענע. מיר שווייגן. עס איז אונז ביטער.

אַ דרייסיק מעטער פון אונז האָט זיך געפונען דער גאָרטן פון יודענ־ראַט. דאָרטן האָט מען פאַרזייט אַלערליי ירקות. בעת דער לעצטער אויס־זידלונג פון די יידן פון געטאָ איז אין דעם גאָרטן געווען אַ קאַמף פון דער יידישער זעלבסטשוץ מיט די דייטשן. די דראָטענע צוימען זענען געווען צעשטערט. איך לייג פאָר מען זאָל ארייננגיין אין גאָרטן נאָך עפּעס גרינס. מיר גייען אין פינצטערניש אויף אַן אומבאַקאַנטן באָדן און פלוצלונג בלייבט מיין פוס שטעקן אין וואסער און פאַל שיעור נישט אריין. מיר פאַר־שן, וואָס דאָס איז און מיר געפינען אַ גרויסן סטאַוו (טייך) באַדעקט מיט גרינס. אין דער בודקע פון ועכטער געפינען מיר אַן עמער, אַ קרוג. מיר

שארן אָפּ דאָס גרינע און שעפּן אָן פרישע, קלאָרע וואסער. מיר פּרובירן טרינקען. עס איז קאלט און גוט. אונזער פרייד איז געווען אָן א שיעור. כ׳קוק זיך נישט ארום אויף די ציבעלעס און פּאָמידאָרן, וועלכע זענען צייטיק אין די קוסטעס. איך לויף מיטן עמער וואסער אין „סכראָן" איבער דראָטן און קלעצער. איך לויף און פריי זיך ווי ראָבינזאָן קרוזאָ. גרויס איז די שמחה אין דער באהעלטעניש. אנדערע כליפּען אזש פאר גליק. אלע רינגלען ארום דעם עמער מיטן וואסער — דער גרעסטער אוצר. מיר זענען געראטעוועט. מיר לויפן מודיע זיין אנדערע וועגן אונזער אנטדעקונג.

חיה גאָלדינג-קיימאַן

# די לעצטע נאַכט מיט מיינע קינדער אין ביאַליסטאָקער טורמע

חיה גאָלדינג קיימאַן, פון שצוצין, איצט אין ניו־יאָרק, שילדערט אויף א ריירנדן אופן די לעצטע שעהן מיט אירע צוויי קינדערלעך אין ביאַליסטאָקער תפיסה. מיט זיי זענען געווען נאָך קינדער, און זיי זענען אלע אומגעבראַכט געוואָרן פון די רוצחים.

**מיר זענען געווען 44 נפשות אין איין קאַמער פון דער ביאַליסטאָקער תפיסה. צען קינדער זענען צווישן אונז געווען. די פריערדיקע צרות, דאָס זיצן דריי חדשים אין בונקער, אונטער דער ערד, אויף יוראַוויעצקא 28, האָבן שוין געהאַט פאַרטריבן פון די קינדערלעך, וועלכע עס איז פרייד.**

**בלויז דער ערשטער טאָג פון אונזער אָנקומען אין תפיסה, דעם 16־טן נאָוועמבער 1943, האָט דאָס קליינוואַרג דערפרישט, דערמוטיקט. דאָ איז געווען אַנדערש ווי אונטער דער ערד, אפילו בעסער. דאָרטן איז געווען שטענדיק פינצטער, ענג, דושנע און מורא׳דיק שטיל, האָט מען געמוזט זיצן. דאָ איז גרויס דאָס צימער. מען קען פריי גיין פון איין עק צום צווייטן, מען קען רעדן ווי הויך מען וויל, מען קען רופן מאַמע, באָבע, יאָסעלע, משה׳לע, ווען מען וויל נאָר און ליכטיק איז דאָ, כאָטש עס איז אין א קעלער. פיר פענצטערלעך מיט אייזערנע גראַטעס פאַרמאָגן מיר. די יינגלעך געווינען זיך ווידער צו צום ליכט.**

**דעם גאַנצן טאָג האָבן די קינדערלעך ביי די שמאָלע פענצטערלעך פאַרבראַכט. זיי האָבן דורך זיי שניי דערזען, דערפרייט, פאַרוואונדערט און**

אנטציקט געוואָרן. שניי ווייכער, פוכיקער, מיט טויזנטער בלאַנקענדיקע שטערנדלעך. די אויגעלעך האָבן אויפגעפינקלט, א לייכטע ראָזקייט האָט זיך אויף א ווײַלע באַוויזן אויף זייערע בעקעלעך. ווען מען קאָן כאַטש אָנ־רירן, א גלעט טאָן דעם ווייסיקן שניי! „איך וואָלט אים א קוש געטאָן״ — האָט די בלאָנדע מירעלע געזאָגט. שלום׳קען האָט א געדאַנק געגעבן א בליץ. ווי א וועוויורקע איז ער צום ווינקל פון דער קאַמער צוגעשפרונגען. דאָרט איז אַן אויסגעריבענער בעזעם געשטאַנען. ער האָט די ריטעלעך געצויגן איינע ביי איינע און צום פענצטערל צוגעלאָפן. די יינגלעך האָבן דורך די אייזערנע גראַטעס מיט די דינע ריטעלעך גענומען שאַרן צו זיך דעם שניי. דער, וואָס האָט א ביסעלע שניי דערגרייכט, אין הענטעלע דערפילט, האָט זיך ווי א העלד געהאַלטן. די אַנדערע האָבן אים באַוואונדערט, זיך צו אים גע׳חנ׳דלט: „גיב מיר איין לעק, גיב כאָטש אויף א ביסעלע, אויף איין מינוט צו האַלטן״.

דער סקריפּ פון טיר, דאָס באַווייזן זיך פון קעסל עסן, האָט די קינ־דערלעך באַלד געמאַכט פאַרגעסן אָן שניי. איינער האָט זיך געכאַפּט צום פאַראָסטן שיסעלע, וועלכע דער וועכטער האָט על פי טובה געגעבן, אַן אַנדערער צום טעפּעלע, א דריטער צו א קריגעלע אָדער א סלאָאיקל. עס איז געוואָרן א געפּילדער און אַנטאַשעוויטש, דער אויסטיילער פון דער זופּ, א הויכער בלאָנדער גוי מיט לאַנגע וואָנסעס האָט געשאָטן פייער מיט די אויגן. ער האָט גוט אויפגעפּאַסט, אז עס זאָל אים ווער נישט אָפּנאַרן און נעמען צוויי מאָל זופּ. ער האָט געגעבן נישט קיין פולע מעסטעלעך, דריי־פערטל און דאָס פון אויבן — די שיטערע, אַזוי, אז איין פּיצעלע קרויט האָט גויאָגט דאָס צווייטע. אין געוויסע שיסעלעך האָט ער געגאָסן א סך. ער האָט דאַן זיין מעסטל, וואָס איז געווען צוגעקלאַפּט מיט א טשוואָק צו א שטעקן, אַראָפּגעלאָזט טיף אין קעסל, עס דערנאָך אַרויסגענומען פול מיט

קארטאָפל, קרויט און גאָלדענע מערן. דאָס האָבן באַקומען די גליקלעכע, ביי וועמען דער גוי האָט גענומען זייערע קליידער, זייגערס און געלט.

דער קליינער ניוניא, מיין זונעלע, פיר און א האלב יאָר אלט, איז געווען א חכם א יאַטעלע. ער האָט אין זיין קעשענקע געפונען א גראָשן און דרייסט ביי אנטאָשעוויטשן נאָך א ביסל עסן געבעטן. מיט א ליידיק טעפּעלע און זויערע מינע איז אָבער ניוניא צו זיין אָרט צוריקגעקומען.

א לאַנגע ריי בעטלעך, געדיכט איינס נעבן דאָס אנדערע זענען גע־שטאַנען — אן אייזערנער לייכטער געשטעל און צו 5 ברעטלעך אויף זיי. קיין שטרוי, אָדער וועלכע עס איז דעקן אויף זיי. הארט, שמוציק און קאַלט. ווען עס פלעגט זיך דערנענטערן די נאַכט, איז פילפאַכיק קאַלאַמוטנע גע־וואָרן. אפשר היינט די לעצטע נאַכט, אפשר וועט מען אונז אויפצומאָרגנס ארויספירן צום טויט. צווייטנס ווי לייגט מען די מידע, אויסגעדאַרטע גלידער אויף די הארטע ברעטער? מענטשן האָבן זיך איינע צו די אנדערע געטער־ליעט. צוויי האָבן זיך געלייגט צוקאָפּנס, צוויי צופוסנס, כדי עס זאָל ווארע־מער זיין. א גאָטס רחמנות איז געווען אויף די קינדערלעך. צוויי האָב איך געהאַט — שולמית׳קע. א מיידעלע פון צען יאָר, ניוניא, א ייִנגעלע פון פיר און א האלב יאָר. איך האָב דאָס ייִנגעלע אויף זיך גענומען, ער זאָל די הארטקייט נישט פילן, אין דער זעלבער צייט אונטערגעלייגט איין אָרעם אונטער שולמית׳קעס קעפּעלע, אַנשטאָט א קישעלע. דאָס מאַנטעלע האָט זי נישט דערוואַרעמט, דורכזיכטיק בלאָס איז איר פּנימל געווען, ווי אונ־טערגעהאַקט די אייגעלעך, דין די הענטעלעך, די פיסעלעך. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט זי געבליט און איז געווען אזוי גוט געבויט. עס האָט גע־שניטן מיין הארץ. מיינע הייסע טרערן האָבן איר בלאַסן פּנימל געוואַשן. זי דרייט זיך נעבעך פון איין זייט אויף דער אנדערער. עס באַווייזט זיך אן אויסדרוק פון ווייטיק ארום אירע ליפּעלעך און קליין נעזעלע. זי עפנט

פלוצלונג אירע אויגן. זי זאָגט גאָרנישט, נאָר קוקט אויף מיר מיט דעם טיפסטן טרויער און צער. „שולמית, קינד מיינס! דו האָסט א שטילן פאָר־ווורף צו מיר, איך קען דיר נישט העלפן, איך קען דיר נישט ראטעווען". צייטנווייז ציטערט זי ווי א בלעטעלע און אזוי ווי אין בונקער אין די שעהן פון געפאר, ווען מען פלעגט אונז זוכן, פארלירט זי גאנץ אָפט דאָס לשון. מיין הארץ פלאצט פאר ווייטיק, פאר צאָרן און הילפלאָזיקייט. דער אָרעם, די גלידער ווערן מיר פאר׳חלש׳ט. איך האָב מורא זיך צורירן צו ניר־ניעלען, כדי זיין שלאָף נישט צו שטערן, ווייל יעדן פרימאָרגן זענען אים די אָויגעלעך פארשוואָלן. אָט נעכטן גיט ער מיר א פרעג: „איך וועל שוין קיינמאָל מיין פאפא נישט זען? מאמא, איך וועל שוין קיינמאָל אין קיין בעטעלע נישט שלאָפן?" און ער וויינט קיינמאָל נישט, ער פארלאנגט קיין זאך נישט. איך רעד צו אים, זאָג אים צו און טרערן שטיקן מיר אין האלדז. מיין זונעלע גלויבט, געטרויט מיר און האָפט. דו אָרעם קינד מיינס, האָסט קיין איינציקן, גוטן טאָג אין דיין לעבן נישט פארזוכט. דו אומשולדיק נפש׳ל מיינס, דו קליין יידעלע, פארוואָס, פאר ווען, קומט עס דיר און אונז אלע דאָ אזוי צו ליידן, ענטפער, גאָט!

ביוניעלע וועקט זיך אליין אויף. סיי די גרויסע, סיי די קליינע לויפן א גאנצע נאכט צו דעם גרויסן עמער, וואָס שטייט מיט א צודעק אין א ווינקל פון דער קאמער. כאָטשביידע קינדער קענען זיך אליין אן עצה געבן, באַ־גלייט איך זיי יעדן מאָל אין דעם לאנגן וועג צום עמער. איך וויל קיין איין מינוט, קיין רגע נישט פארלירן נישט בייטאָג, נישט ביינאכט, פון צו זיין נעבן זיי. איך פיל און ווייס געווי, אז א ליאדע טאָג, א ליאדע שעה וועט אונז דער טויט צעשיידן.

צווי וואָכן זענען שוין אזוי פארביי. קעגנאיבער דעם קאָרידאָר איז אויך א פולע קאמער מיט יידישע פרויען און קינדער. די פרוי לעוויטאן

מיט דריי טעכטער, דאָרא דאַמאַראַצקאַ, בלומע גינגער מיט מיידעלעך, ציר־
כאָצקאַ, סעראַציק, פאַדראָוואָסקאַ, עטל קאָסאָווסקאַ, מינעט, גרינבערג ריזיר־
קאָוו, פאַקטאָר, לעוו, גאָטליב, אַטלאַס, גראָדנער פרויען; האַראַדאָקער. אויף
דער אַנדערער זייט פון קאָרידאָר געפינען זיך קאַמערן מיט מענער. ווער עס
האָט אַ גאָלדשטיקל אָדער דאָלאַרן אין באַנקנאָטן. דער האָט אַ לאַסקע ביים
וועכטער, וועלכער מאַכט מעגלעך, אַז עס זאָלן זיך זען אַ מאַן מיט אַ פרוי,
אַ מוטער מיט אירע זין (פרוי פריידע קאַגאַן), אַ טאָכטער מיט איר פאָטער.
איינע די צווייטע גיבן זיך די פון זיך אָפּגעשפּאָרטע פּיצלעך ברויט. אין
איילעניש און שרעק פאַלן צווישן זיי פראַגן, ווערטער. די מענער פאַרקויפן
פאַר ברויט אַלץ פון זיך. אַנדערע זענען אַפילו אָן הויזן געבליבן. זענען
טאַקע די תפיסה־דינערס, די פּאָליאַקן צופרידן פון די 312 יידן, וואָס געפי־
נען זיך אין די קעלערן. אָפטמאָל זענען זיי פריינטלעך און שמועסן מיט
אונז. דעמאָלט דערציילן זיי, אַז אין די קעלערן זיצן נאָר די פאַרמשפּטע
צום טויט. ווער עס האָט שכל דאַרף אַלץ פאַרקויפן פון זיך, ווייל סיי־ווי־סיי..

אַ געוויסן פאַרנאַכט האָט זיך געעפנט די טיר און פרישע פינף מענטשן
אַריינגעוואָרפן: דריי פרויען איינגעוויקלט אין טיכער און צוויי קינדער.
דאָס זענען געווען בערטאַ פוקס, מאַניע מאַנקוס און די יונגע דאָקטאָרקע
פעטאַ פוקס — די קינדער פון טעקסטיל־פאַבריקאַנט פוקס.. מיט זיי זענען
אַריין צוויי יינגעלעך. איינער איז געווען סאַלוש ביימאַן, 5 יאָר אַלט און
זיין קוזין מאַנקוס, 9 יאָר אַלט. מיר האָבן געוווינט אין געטאָ אין שכנות
מיט זיי אויף יוראַוויעצקאַ גאַס. אונזערע קינדער האָבן זיך באַזונדער דער־
פרייט מיט דעם קליינעם סאַלוש. סאַלוש קאָן אָבער איצט נישט גיין. דער
9־יעריקער יינגעלע אויך נישט.ביידע מוז מען טראָגן אויף די הענט. עס
דוכט זיך מיר, אַז אָט פאַלן אום די פרויען, וואָס טראָגן זיי. מיר דערוויסן
זיך, אַז זיי זענען געזעסן מיט אַ גרופּע אויף אַ בוידעם מער ווי דריי חדשים.

אין דעם זעלבן מויער איז אויך געווען א בונקער אונטער דער ערד, וועלכן מען האָט אין די ערשטע טעג פון דער אקציע אנטדעקט. די דייטשן האָבן אריינגעשאָסן אין בונקער. א קויל האָט גלייך געטראָפן דעם גראָדנעם ייד מיטן נאָמען יאסעם. די איבעריקע זענען צעטומלטע ארויסגעלאָפן. אין צר־מישונג און געאייל האָט דער פאָטער, אברהם ניימאן, פארגעסן אָן זיין קליין זונעלע סאלוש. ער איז געבליבן אין בונקער א טאָג מיט א נאכט אליין. ער האָט נישט געוויינט און נישט געשריגן, נאָר זיך געטוליעט צום גוף פון טויטן מענטש. די יידן פון בוידעם, וועלכע האָבן געהערט ווי מען פירט ארויס זייערע שכנים, האָבן אויף דער צווייטער נאכט ריזיקירט ארונטערצוגיין אין דעם אנטדעקטן בונקער נאָך די איבערגעבליבענע שפייז. צו זייער איבערא־שונג האָבן זיי געפונען דעם צעשראָקענעם און שוואכן סאלוש. זיי האָבן אים גענומען צו זיך אויפן בוידעם. ביי זיי איז געווען פיל ערגער ווי ביי אונז אין בונקער, עס האָט געפעלט שפייז און וואסער. צווישן זיי איז נישט געווען קיין איינער, וואָס זאָל ריזיקירן גיין אין די נעכט נאָך גרינס אין גאָרטן פון געוועזענעם יידנראט, אָדער נאָך וואסער. זיי פלעגן רויע גרויפן עסן. זיי פלעגן אויף א קונציקן אופן קאָרענע פלעצלעך באקן. וואסער פלעגן זיי אָננעמען, ווען א רעגן פלעגט פאלן. די יונגע זעלטן־שיינע בערטא פוקס, האָט מיר דערציילט, אז איין פארלאנג האָט זי נאָך געהאט: זיך אָנטרינקען גענוג מיט וואסער פארן טויט. מען האָט זיי דערנאָך אנטדעקט און געבראכט צו אונז אין תפיסה־קאמער.

אין די דריי חדשים האָבן די יינגעלעך פארלוירן זייער קראפט אין די פיסעלעך. סאלוש פלעגט נאָכפאָלגן מיט די בליקן די אנדערע קינדער, וועל־כע גייען און לויפן טיילמאָל איבער דער גרויסער קאמער. א תהום פון טרויער איז געווען אין דעם פארעלטערטן פנימל פון קליינעם סאלושן. נאָר איין איינציק מאָל האָב איך דערזען א שמייכל אויף אים. דאָס איז גע־

ווען, ווען די יינגעלעך האָבן אין זייער שפיל געכאפּט אן עלטערן פון זיך, אים געמאכט פאר א דייטש, די הענטעלעך מיט א גארטעלע אים פארבונדן. זיי האָבן אים געשטויסן, געשטופּט, אים געהייסן קניען און וויינען. סאלוש האָט זיך צעלאכט און צום סוף האָט ער אויסגעשריגן: „דערשיסט אים"...!

איך פלעג אָנטיילנעמען אין יעדער שפיל, געשפּרעך און קריגעריי פון די קינדער. עס איז מיר ווייניק צייט געבליבן זיך צו פארנעמען מיט מיינע צוויי שוועסטערס און אונזער מוטער ע"ה, וועלכע זענען געווען צוזאמען אין דער זעלבער קאמער. די מאמע פלעגט א האלבן טאָג דאווענען און אירע בלאסע ליפּן פלעגן כסדר שעפּטשען: „זיבן קינדער פיר איך צו דער חר־פּה"... די שוועסטערס פלעגן זייערע קינדער קאָרמען און גלעטן און מיט די אנדערע פרויען די צייט פארטריבן.

טרויעריק פלעגן זיין די בין־השמשות'ן אין תפיסה. די טונקלקייט איז, ווי א שונא, שטיל און לאנגזאם אונטערגעקומען. אין איר אָנבליק זענען די מענטשן געוואָרן מאט, שווייגעוודיק און יעדערער איז אויף זיין אָרט גע־בליבן. א הארציק געזאנג האָט איינמאָל איבערגעריסן די שטילקייט. שרה נאָמבערג האָט געזונגען „אלי־אלי". דער געזאנג, די הייסע תפילה צו גאָט האָט ביי יעדן פון אונז ארויסגערופן א געוויין. אין קאמער איז טונקל. עס הערט זיך א קרעכצן און א זיפצן. „זאָל נאָר ווער זינגען" — האָט עמעצער געבעטן. מיין טעכטערל, וואָס איך האָב געהאלטן אויף די קני אין מיינע אָרעמס האָט אָנגעהויבן דאָס געטאָ־ליד „רבקה'לע די שבת'דיקע". א טיפע שטילקייט, אלע הערן. איר דין שטימעלע, דורכגענומען מיט איר גאנץ הער־צעלע, מיט איר גאנצן ווייטיק, בענקשאפט און ליבע צום פאָטער האָט געשניטן די פינצטערניש און שווערע לופט אין אונזער קאמער. ווען זי האָט געענדיקט, האָט זי מיר שטיל געזאָגט „דאָס האָב איך צו מיין פּאפּא געזונגען". אלע פארנאכט וועלן מיר זיך אזוי טוליען און זינגען, מאמא, ווי

היינט, גוט !״.

אַפּט פלעגן מיר ליגן אלע דריי, ביידע קערפּערלעך פון די קינדער אויף מיין ברוסט. זייערע הענטעלעך אין מיינע. איך פלעג זיך פרייען. איך פלעג הערן זייער פולס, דאָס קלאַפּן פון זייערע הערצעלעך, איך פלעג פילן זייער ווארעמקייט, איך פלעג איינזאַפּן זייער אָטעם. א שטים פלעגט מיר אונטער־זאָגן יעדן טאָג, יעדע שעה: „געניס, זיי זענען נאָך דיינע, זיי זענען נאָך ווארעם. אַט היינט, אַט מאָרגן וועט אייך דער טויט צעשיידן״, שרעקלעכע מחשבות, באַגלייט מיט א ווייטיק וואָס עס איז מיר נישט מעגלעך צו שיל־דערן!

א שלאָף, א דרימל האָט מיך אויף א ווײַלע באַהערשט און א חלום האָב איך געהאַט. איך האָב געזען א רוישנדן ים מיט שווארצע און רויטע כוואַליעס. עס האָט זיך שפּעטער באַרואיקט. דאָס וואַסער איז צוריק שטיל און בלוי. איך געפין זיך אין מיין נייעם הויז — א פּרעכטיק שיין צימער, ווו דאָס אויג פאַלט, איז לוקסוס, אָבער איך זע זיך אליין אין אומעט — אינגאַנצן אליין אין די ליכטיקע, לאַנגע זומער־טעג... איך כאַפּ זיך מיט אימפּעט אויף, נעם ארום און דריק ביידע קינדערלעך שטאַרק, און איך בין אַזוי גליקלעך, וואָס איך ליג אויף די ברעטער אין תפיסה צוזאַמען מיט זיי.

עס איז געווען דער לעצטער אָוונט מיט אונזערע קינדער. אין איין ווינקל פון קאַמער האָבן זיך אלע קינדער פאַרזאַמלט. צוויי פרישע יינגעלעך צוגע־קומען — צוויי ברידערלעך. דער עלטערער — 11 יאָר אלט, דער יינגערער — 5. אלע האָבן זיי ארומגערינגלט. משה׳לע האָט דערציילט, אַז זיין טאַטע איז געווען א קאַמאַשן־שטעפּער. ווען די דייטשן האָבן אין די טעג פון דער אקציע געפונען זיינע באַהאַלטענע עלטערן, איז ער ארונטערגעקראָכן אונ־טער א בעט. צוויי טעג איז ער דאָרט געלעגן. א נייע באַנדע דייטשן זענען

געקומען זוכן. זיי האָבן משה׳לען געפונען, אָבער ער האָט נישט געוואָלט ארויסקריכן. זיי האָבן אים געבעטן, גערעדט און ער איז ווייטער געלעגן. איין דייטש האָט אים געגעבן ברויט און „אמתע״ שאָקאָלאַד. דעמאָלט איז משה׳לע ארויס. די דייטשן האָבן אים געבראַכט אין תפיסה, אזוי ווי אלע רעשטלעך פון די ביאַליסטאָקער יידן. ווען דער 5־יעריקער משה׳לע האָט געענדיקט, האָט זיין ברודערל דערציילט זיינע איבערלעבונגען.

צוזאמען מיט זיין טאטע־מאמע איז ער געווען אין וואגאָן. מענטשן האָבן זיך דאָן געדריקט און געשטיקט. דאָס יינגעלע האָט זיך דורכגעקוועטשט דורכן שמאָלן פענצטערל פון וואגאָן. דער פאָטער האָט אים געהאלטן. ער איז ארויסגעשפרונגען און זיך בלויז שטארק צעקלאַפּט. לויפן אָבער האָט ער נישט געקענט. דער צוג איז שוין לאנג אוועק. ער איז געלעגן אליין אין א ראָוו. דייטשן האָבן אים געפונען און געבראַכט אין תפיסה. דאָ האָט ער געטראָפן זיין קליין ברודערל משה׳לען. ביידע קינדער האָבן זייער געליטן פון קעלט. זיי האָבן קיין ווארעם מלבוש׳ל נישט געהאַט אויף זיך. זייערע הענטעלעך זענען געווען בלוי. אלע ווילע האָבן זיי געצויגן מיט די נעזעלעך. די מילך איז נאָך געלעגן אויף משה׳לעס ליפּעלעך. ער האָט דעם „ק״ נישט געקענט ארויסרעדן און שיין איז ער געווען און זיס ווי א מיידעלע. ווען די צוויי האָבן געענדיקט דערציילן, האָבן אנדערע קינדער זיי איבערגעגעבן זייערע איבערלעבונגגן. ניוניע האָט גערעדט שארף, הויך און מיט א סדר. ער האָט ווי א גרויסער, לאנג געשילדערט פאסירונג נאָך פאסירונג. אלע האָבן זיך צו אים אויפמערקזאם צוגעהערט. נישט ווייט פון דער קינדער־פארזאמלונג בין איך געלעגן. ניוניע האָט פאר א הענטעלע צוגעפירט זיין פרישן חבר משה׳לען צו מיר און מיט שטאָלץ געזאָגט: „דאָס איז מיין מאמע, זעסט?״

עס איז שוין געווען שפּעט. אלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף

דער אָונט־זופּ. מען האָט זיך געוואָלט דערקוויקן מיט א ביסל וואַרעמס. דער הונגער האָט יעדן פון אונז געמאַטערט. פאַר אונז האָט די שוואַרצלעכע זופּ פון קאָרענע, זיסלעכע מעל געהאַט טויזנט טעמים. עס האָט זיך גע־דוכט, אז קוים מען וועט יאָ לעבן בלייבן, וועט מען קיינמאָל קיין בעסערן מאכל נישט וועלן. אויף צו להכעיס האָט די טיר זיך נישט געעפנט. דאָס עסן איז נישט געקומען. די קינדערלעך זענען מיד און שלעפעריק געוואָרן. זיי האָבן נעבעך רעזיגנירט פון דעם עסן. מיר איז אָבער געווען א שאָד, זיי זאָלן גיין הונגעריקע שלאָפן. איך האָב זיי אויפגעמונטערט, אלע ארום זיך פאַרזאמלט און גענומען דערציילן מעשה׳לעך. זיי האָבן ווי פאַר׳כישופ־טע צוגעהערט וועגן דער קעניגין און דער גרינער זשאבקע, וועגן האָלץ־העקער און זיינע זיבן קינדער און אנדערע. ביוניעלע איז געשטאַנען צום נאָענטסטן צו מיר. ער האָט פאַררינן דאָס נעזעלע און געשטראַלט פאַר פרייד, וואָס זיין מאמע קען דערציילן די שענסטע מעשה׳לעך.

דער קעסל עסן איז נאָך אלץ נישט געקומען. די קינדער זענען גע־וואָרן דערפרישט און ארויס פון שלאָף. איצט זאָל יעדער פון אייך דערציילן א מעשה׳לע. משה׳לע דערציילט איינע, וועלכע זיין מאמע פלעגט אים דער־ציילן — די מעשה וועגן וואָלף און ציגעלעך. ער האָט דערציילט, געזופּט מיטן נעזעלע און אָנשטאָט דעם „ק״, פלעגט ער זאָגן „ט״. די קינדער האָבן ארויסגעלאכט ביי יעדן „ק״, וואָס האָט געדאַרפט זיין אין וואָרט. זיי זענען אריין אין א פריילעכער שטימונג, און אלע ווײַלע האָט זיי באהערשט א לאנגער און הארציקער געלעכטער. אפילו סאלוש איז געוואָרן מיטגעריסן. יעדעס קינד האָט דערציילט, וואָס ער האָט געדענקט. זיי האָבן געלאכט און געלאכט. צולעצט האָט שעפּסעלע געוויזן פאַרשידענע קונצן, געמאכט מי־נעס מיט דער אויבערשטער ליפּ, מיט די וויעס, האָט קאָמיש אונטערגע־טאנצט און די קינדער האָבן מער און מער געלאכט און איך מיט זיי. די קינ־

דער זענען ממש געפאלן פון געלעכטער. אזא טעאטער! שולמית׳קע האָט זיך פארן בייכעלע געהאלטן. דאָס איז געווען דער לעצטער געלעכטער פון אונזערע קינדערלעך.

הונגעריקע זענען זיי געגאנגען שלאָפן. גאנץ פרי אויפצומאָרגנס — דאָס איז געווען א דאָנערשטיק אין חודש דעצעמבער 1943, האָט מען ביי אונז אויף א ברוטאלן אופן צוגענומען די קינדער. 44 קינדער האָט מען פון די 312 לעצטע יידן אין תפיסה צוגענומען.

דער קאָמענדאנט פון תפיסה, די עס־עס־לייט, די פוילישע באאמטע מיט רשימות, די ריי באוואָפנטע אוקראאינער אין מיליטערישע מונדירן, די יאָגעניש, דער טומל האָט אזוי געווירקט, אז מיר האָבן אפילו בעת מעשה נישט געוויינט, נישט פראָטעסטירט. שטיל און דערשראָקן זענען געשטאנען די קינדערלעך אין דער ריי, שוין ווייט פון אונז, אויפן לאנגן טונקעלן קאָ־רידאָר.

ערשט אין די פינצטערע פי־וואָגאָנען זענען מיר געקומען צום שרעקלעכן באוווסטזיין. אויך איך האָב דעמאָלט נישט געקענט וויינען. אויך היינט בין איך מקנא די, וואָס האָבן געגוג טרערן.

מיר הילכט נאָך איצט דאָס געלעכטער, דאָס לעצטע געלעכטער פון די טייערע, זיסע קינדערלעך.

ראובן פינקעלשטיין

# שצוצין - מיין אלטע היים

שצוצין — 28 יאָר האָב איך דיין ברויט געגעסן און דאָס וואסער גע־טרונקען, ביז די לופט האָט מיר גענומען שטיקן, דאָס ברויט און וואסער זענען געוואָרן ביטער, פארלוירן דעם געשמאק — איך האָב פארלאָזט דיין לאנד און זיך איבערן ים אריבערגעטראָגן.

שצוצין — איך בענק נישט נאָך דיין נאָמען און אָרט, נאָר נאָך מיינע יוגנט־יאָרן, וואָס זענען דאָרט פארפלאָסן און מיינע נאָענטסטע אין די קברים און די, וואָס זענען דאָרט פארפייניקט געוואָרן דורך דייטשן און דורך אייגענע פוילישע שכנים.

אלהינו שבשמים — גאָט אונזערער! כדי נישט צו פארניכטן די שטאָט סדום איז געזוכט געוואָרן א זכות פון 10 צדיקים. איז דען נישט געווען אין אונזער שטעטעלע 10 צדיקים? איך האָב די דרייסטקייט צו זאָגן, אז אלע זענען דאָרט געווען צדיקים. און ווען נישט?

אָבינו שבשמים — פאָטער אונזערער! וועלכער פאָטער קאָן גלייכגילטיק קוקן ווי זיינע קינדער ווערן געשלאָגן, בפרט, געטויט מיט אומבאשרייבלעכע סאדיסטישע מיתות משונות.

איך בייג דעם קאָפּ פאר אייך טייערע קדושים, אייער גרויזאמער גורל איז אויך אונזער שטראָף, איר פעלט אונז צו אונזער נייעם אויפבוי־לעבן דאָ אין ישראל — זיי האָבן נישט אויסגעריסן דעם בוים מיט די וואָרצלען „עם

ישראל חי״. דאָס אויפלעבן פון ארץ ישראל איז אייער זכות, גאָטס וועגן זענען אומפארשטענדלעך, מה דעביד רחמנה לטב עביד און איך בין פון די גלויביקע שינקום בנקמת דמכם השפוך — — —

אָפגעמעקט איז פאר אונז געוואָרן שצוצין. די שצוצינער יידן — פאר־פייניקט. די מצבות־שטיינער און די 100־ער־יעריקע בוימער פון בית־הקב־רות אוועקגענומען געוואָרן, דעם באָדן פארגלייכט, ווייל צו פארגרעסערן זייערע פעלדער האָט זיי געפעלט...

דאָס יידישע שצוצין עקזיסטירט נישט מער. דאָס קליינע ווינקעלע איז פאר אונז אויף אייביק פארשאָלטן געוואָרן.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אונזער באשיצונגס־פונקט געווען די בתי מדרשים, ר׳ יוס׳ילי זצ״ל האָט דאן געזאָגט: גאָט איז אונזער שומר ומציל, דער תהלים איז אונזער געווער און דאָס בית מדרש די פעסטונג. אין דער לעצטער, פאר אונז גרויזאמער צווייטע וועלט־מלחמה זענען אונזע־רע בתי־מדרשים אָפגעברענט געוואָרן, דער תהלים האָט נישט מער געהאָלפן און גאָט אונזערער איז נישט מער געווען דער שומר ומציל.

ס׳איז נישט צו פרעגן קיין שאלות און ווייל מיר האָבן די דערציאונג פון די אומגעקומענע, זאָגן מיר — ברוך דיין אמת און יתגדל ויתקדש שמה רבא — — —

# תפילת אזכרה

## נאָך דער פּאַרטיקולערער שצוצינער קהלה

מיר גיבן איבער אלע שצוצינער לאנדסלייט, ווו זיי געפינען זיך, דעם סדר און נוסח פון די אזכרות, וואָס דארפן יערלעך איינגעאָרדנט ווערן, נאָך די קדושי שצוצין און פון די שכנותדיקע שטעטלעך ארום.

דער ועד אין ישראל האָט געפונען פאר נויטיק צו באשטימען די יאָרצייט אויף ט״ו כסלו, ד. ה. די נאכט פון 14־טן אויפן 15־טן כסלו. ווען דער טאָג קומט אויס פרייטיק אָדער שבת, דאן ווערט די אזכרה אָפּגעלייגט אויף שבת־צו־נאכט אָדער זונטיק. ווייל קיין ריכטיקע דאָקומענטן און דאטומס, ווען די גרויזאמע שחיטה איז פאָרגעקומען, איז נישטאָ. רעכענענדיק זיך מיט די אלטע תקנות מקדמונים פון פנקס חברה קדישא אין שצוצין, איז דער טאָג ט״ו כסלו געווען באשטימט אלס חברה־קדישא־תענית־צבור מיט ספּעציעלע סליחות, לייענען „ויחל משה״, אויך מזכיר נשמות זיין אלע נפטרים. אויך פלעגן זיי זיך אין דעם טאָג זאמלען אויפן בית הקברות און בעטן סליחה ומחילה ביי די נפטרים. צום גרויס באדויערן איז אפילו פון בית הקברות און מצבות קיין זכר נישט געבליבן.

דעריבער ליגט א חוב קדוש אויף אונזער געבליבענעם דור ממשיך צו זיין די אלטע תקנות און די הייליקע מנהגים פון דער שצוצינער חרובדיקער קהלה קדושה. אין דעם אָוונט פון אזכרה זיך מיחד צו זיין מיט א חשבון

**הנפש צו זייער הייליקן אָנדענק. אויך געבן צדקה אויף צו פארשטארקן די פעולות גמ"ח אין ישראל אויפן נאָמען פון די קדושי שצוצין.**

**דער סדר פון יזכור־אָוונט איז פאָלגנדער: ביי געצונדענע יזכור־ליכט, איינגעהילט אין טרויער, זענען אייניקע לאנדסלייט מספיד די קדושים ז"ל און גיבן איבער זכרונות פון דער געוועזענער יידישער שצוצין; דער חזן זאָגט דאָס קאפיטל תהילים ט"ז, ווו עס ווערט דערמאָנט „לקדושים אשר בארץ המה"; אויך ווערט געלערנט די ערשטע משנה פון מסכת סנהדרין פרק י' „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא" מיט פירוש הרע"ב. נאָכדעם זאָגט מען א קדיש דרבנן און דער חזן ריכט־אָפּ א תפלת אזכרה נאָך די קדושים ז"ל.**

## אל מלא רחמים

דיין אלמנות ואבי יתומים. אל תחרש ותתאפק לדם ישראל שנשפך כמים. תן מנוחה נכונה על כנפי השכינה במעלות קדושים וטהורים כזוהר הרקיע מזהירים את שמות הורינו, אחינו, ואחיותנו, בנינו, ובנותנו, וקרובנו של קדושי עיר שצוצין ועיירות מסביבה: ריינראר, גרייעווא, וואנסאס, ראדזילאוו, סטאוויסק, קאלנא, שנהרגו ונשחטו ושנחנקו ושנטבעו ושנשרפו ושנקברו חיים על ידי הנאצים והפולנים ימח שמם וזכרם לנצח, בשנות תצ"ט—תש"ד. כולם קדושים וטהורים ובהם גאונים וצדיקים. ראשי ישיבות ותלמידיהם. ארזי הלבנון. ואדירי התורה. בגן עדן תהא מנוחתם. לכן בעל הרחמים יצרור בצרור החיים את נשמתם. ד' הוא נחלתם. ויזכור לנו עקדתם. ותעמוד לנו ולכל ישראל זכותם. ארץ אל תכסי דמם. ואל יהי מקום לזעקתם. בזכותם נדחי ישראל ישובו לאחוזתם. והקדושים לזכרון תמיד נגד ה' צדקתם. יבאו שלום וינוחו על משכבותם.

**ונאמר אמן.**

**דער גאנצער קהל זאָגט קדיש.**

אספת אבל, ט"ו כסלו תשי"ג



**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס: ה"ה** משה אַזעראָוויץ, אשר קאַלאַדני, שלמקה שיינבערג, מאיר גרינפעלד, הלל שיינבערג, ברוך פישל זעמעל, החזן רוכבערג, ישעיהו סקובעלסקי, מאטול דאָרף, בערל כעלכאָווסקי, משה פארבאראָוויץ און מינדל גוטשטיין

# שצוצינער יידן
# לעבן ווייטער

## יוצאי שצוצין בישראל
### האבן געשאפן א
## גמילות חסדים קאסע
### ע"ש קדושי שצוצין ז"ל

ברוך פישל זעמעל

# צום אנדענק פון אונזערע קדושי שצוצין

ווי עס איז באקאנט בין איך כמעט מיין גאנץ לעבן געווען א ציוניסטי־שער און געזעלשאפטלעכער עסקן. אין די יאָרן פון דער לעצטער מלחמה, האָב איך פיל איבערגעלעבט און צוגעזען די אלגעמיינע טראגעדיע און שרעקלעכן חורבן פון אונזער פאָלק, ווי אויך די אייגענע ליידן און טרויער, ווען עס איז אומגעקומען דער גרעסטער טייל פון מיין משפחה און פריינט. קיין פעדער איז נישט אימשטאנד צו באשרייבן און איבערצוגעבן די שרעק־לעכע און שוידערלעכע איבערלעבונגען, וואָס מיר זענען דורכגעגאנגען.

עס איז שווער צו שרייבן וועגן חורבן פון אן אייגענער שטאָט. מיט אייגענע ליבע מענטשן, קינדער, עלטערן, ברידער, שוועסטער, פריינט און חברים פון וועלכע עס איז מער נישט געבליבן ווי א ביסל צעשפרייטע פאַרברענטע צעשאָטענע אַש אין די קרעמאַטאָריעס, און אויך ווו אונזער בית הקברות איז געשענדעט געוואָרן, די מצבות צעקלאַפּט און מיט גראָז באַוואַקסן, דאָס פעלד צעאַקערט און פאַרזייט, די קברים פון אונזערע קדושים, וואָס האָבן זוכה געווען מיט הונדערטער יאָרן צוריק צו קומען צו קבורה און דאָרט גערוט, איז איצט קיין צייכן נישט געבליבן.

ס׳איז אן אלטער מנהג ביי יידן פון אלטע צייטן, אין טעג פון חשבון־

הנפש, ווי אין אַ טאָג פון יאָרצייט, תשעה־באב, סליחות־טעג, ימים־נוראים, צו גיין אויפן בית־עולם און זיך אויסוויינען אויף די קברים פון אונזערע נאָענטע, וואָס זענען אויף אייביק פון אונז אוועק. מ׳איז אויך געגאַנגען אויפן בית־עולם אין אַן עת־צרה, אָדער קראַנקייט אויפן קבר פון צדיק ר׳ יאָסעלע זצ״ל. אייניקע האָבן אַריינגעוואָרפן קוויטלעך אין אוהל פון קבר, ער זאָל זיין א מליץ־יושר, כדי געהאָלפן צו ווערן.

שווער צו באשרייבן און דערמאָנען, ווי אזוי אונזערע אייגענע ליבע און טייערע זענען פאַרפייניקט געוואָרן דורך הונגער, שמוץ און עפּידעמיעס ווי אזוי זיי זענען דערשטיקט געוואָרן אין גאַז־קאַמערן, דערשאָסן און צע־האַקט געוואָרן מיט אייזנס, באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט. קינדער זענען אומגעקומען פאַר די אויגן אָדער אין די אָרעמס פון זייערע מוטערס דורך די דייטשע מערדער נאַציס, און א גרויסער טייל דורך די הענט פון אונזערע אמאָליקע שכנים פּאָליאַקן, וואָס מיר האָבן געלעבט צווישן זיי פיל יאָרן, לויט ווי עס האָבן איבערגעגעבן די וועלכע זענען בייגעווען די ערשטע צייט מיט די מערדער, האָבן אַלץ צוגעזען און שפּעטער זיך געראָטעוועט. אונזער ווונד וועט זיך קיינמאָל נישט פאַרהיילן, אונזערע אומגעקומענע קדושים וועלן מיר ביי אונזער לעבן נישט פאַרגעסן.

אויב א צופאַל איז געווען דער גורם, וואָס איך און נאָך אַנדערע האָבן נישט געטיילט דעם גורל פון אונזער שצוצינער קהילה און דעם גורל פון די 6 מיליאָן ברידער יידן, וואָס זענען טראַגיש אומגעקומען על קידוש השם און מען איז צופעליק לעבן געבליבן, פאַרפליכטעט אונז א הייליקן חוב צו פאַר־צייכענען און מקיים צו זיין דעם געבאָט פון „זכור״ און „והגדת לבנך״ — דערציילן פאַר די קומענדע דורות די געשיכטע פון זייערע עלטערנס פּיין און ליידן און דערפון לערנען אויף ווייטער.

דער באשיידענער יזכור־בוך „דער חורבן פון שצוצינער קהלה״ האָט א

וויכטיקע באַדייטונג און ווערט, נישט בלויז פאַר די היימישע שטאָטישע מענ־טשן פון שצוצין, נאָר אויך פאר די ארומיקע שטעטלעך, וואָס זענען געווען גוט באקאנט מיט אונזערע יידן פון שטאָט און זענען ווי קדושים אומגעקומען צוזאמען אין דער זעלבער צייט.

דער יזכור־בוך איז א מאָנומענט, א מצבה, אָנדענק פון אמאָליקן עקזיס־טירנדן און חרוב־געוואָרענעם פאר אונז שצוצין.

נאָר אָפטמאָל האָב איך א טרייסט אין דעם, וואָס עס איז מקוים געוואָרן די צוויי טויזנט־יעריקע בענקשאפט פון יידישן פאָלק, ווי אויך מיין שטרעבן און האָפענונג אין מיין לעבן — צו א זעלבשטענדיקע יידישע מדינה. איך האָב זוכה געווען ב״ה ביי די שווערסטע לעבנס־באדינגונגען אין אונזער פרייער זעלבשטענדיקער מדינת ישראל.

גרינדנדיק דאָ אין ישראל דעם „ארגון עולי שצוצין״ און „קופת גמילות חסדים״ אויפן נאָמען פון אונזערע קדושים ז״ל פילן מיר זיך ווידער ווי א פאראייניקטע משפחה, מען טרעפט זיך דאָ, אלטע וותיקים פון ארץ־ישראל און די נייע עולים פון שארית הפליטה, צוזאמען ביי פארשידענע אָנגעלעגנהייטן אויך אויפן געביט פון קאָנסטרוקטיווע הילף, ווי גמילות חסדים. נאָרליידער האָבן מיר נאָך נישט פיל געשאפן. אונזערע מיטלען זענען קליין אין פארגלייך צו די באדערפענישן, צו געבן הילף אונזערע נויט־באדערפטיקע ברידער דאָ אין ישראל. מיר מוזן פארגרעסערן אונזער פאָנד צו געבן הלוואות אין דער צייט, נישט ווארטנדיק ביז עס פליסט צוריק אריין דאָס געלט פון די געצייטלטע הלוואות, הגם עס ווערט געצאָלט און פליסט אריין פינקטלעך.

מען מוז אָנשטרענגען אלע מיטלען צו פארגרעסערן אונזערע פאָנדן און טעטיקייט און דאָס ווענדעט זיך אין דער הילף פון אונז אלע, וואָס זענען פאראינטערעסירט מיט דער עקזיסטענץ פון אונזער אייביקן דענקמאָל־מצבה נאָך אונזערע אומגעקומענע קדושים ז״ל.

**מאיר גרינפעלד**

# די גרויסע מצווה פון גמילות חסדים

„אם כסף תלוה את עמי את עני עמך לא
תהיה לו כנשה לא תשימון עלין נשך״
(שמות כ״ב.)

**צו אלע אונזערע ברידער און שוועסטער, שצוצינער לאנדסלייט אין „ישראל״ און אין דער ווייטער, ברייטער וועלט,**

**שלום וברכה!**

**אין נאָמען פון אונזער ארגון עולי שצוצין און גמילות־חסד־קאסע אויפן נאָמען קדושי שצוצין ז״ל, ווענדן מיר זיך צו אייך אין אונזער פשוטן יידישן לשון. הגם די אָפיציעלע שפראך אין „ישראל״ איז עברית, האָבן מיר געפונען פאר נויטיק צו שרייבן אין יידיש די פראָטאָקאָלן פון אונזערע אלגעמיינע פארזאמלונגען, פון 1־טן און 2־טן טרויער־אָוונט, די הספדים, די רעזאָלוציעס ביים גרינדן די גמילות־חסד־קאסע און די נייע פאָרשלאָגן וועגן די מיטלען צו פארגרעסערן דעם פאָנד פון אונזער קאסע.**

**די גמרא אין מסכת סוטה ל״ב ברענגט: הגם אלע תפילות און ברכות דארפן געזאָגט ווערן אויף לשון הקודש, אָבער די זאכן, וועלכע דארפן האָבן כונה און מער געפיל און הארץ, אפילו „קריאת שמע״, וואָס דארף דורכ־דרינגען דאָס יידישע הארץ און נשמה זאָגט די גמרא: „שמע ישראל״, „שמע**

בכל לשון שאתה שומע" — מעג מען זיך באנוצן מיט אלע שפראכן. אויפן טרויער־אָוונט און אלגעמיינע פארזאמלונג פון לאנדסלייט, פאַרגעקומען אין תל־אביב י' אדר ב' תשי"א 18.3.51, האָבן מיר באשלאָסן צו פאראייביקן דעם אָנדענק פון אונזערע קדושים ז"ל דורך אן אינסטיטוציע, וואָס וועט דערמאָנען די געוועזענע יידישע קהלה, וועלכע עקזיסטירט שוין נישט מער פאר אונז יידן, אן אינסטיטוציע, וואָס וועט ברענגען גרויסע נוצן פאר זייערע לעבנגעבליבענע קינדער, די יתומים.

דער רמב"ם ז"ל אין 6־טן חלק „הלכות מתנות וצדקה" רעכנט אויס 8 מעלות פון צדקה און שאצט אָפּ — די גרעסטע מעלה איבער אלע איז, די מצוה פון גמילות־חסד אויף דער גרעסטער שטופע. ער זאָגט:

8 קאטעגאָריעס איז דאָ ביי דער מידה פון צדקה. די גרעסטע מעלה איבער אלע איז, ווען א מענטש פאלט מאטעריעליש פון זיין מצב און מען העלפט אים דורך געבן א באשעפטיקונג, אָדער מלאכה, אָדער א גמילות־חסד, ער זאָל זיין מאטעריעלע לאגע אויסבעסערן און זאָל נישט דארפן פאלן צו לאסט און אָנקומען לידי מתנת בשר ודם. א גמילות־חסד דערנידע־ריקט נישט דעם מענטשלעכן כבוד און דאָס איז די אמתע כונה פון דער תורה „והחזקת בו", זאָלסט אים שטארקן ער זאָל חלילה נישט פאלן. גייענדיק אין דער וועג פון דער תורה האָבן מיר טאקע געשאפן א גמילות־חסד־קאסע, אין מדינת „ישראל".

אויך האָפן מיר, מיטן טיפן גלויבן אין רבונו־של־עולם, אז דאָ וועט שוין זיין אונזער מנוחה ונחלה. דאָ האָבן מיר געשטעלט א הייליקן דענקמאָל אונזערע טייערסטע און ליבסטע קדושים ז"ל „בישראל", וואָס האָט גע־בראכט גרויסע נוצן. אָבער מיר באגענוגענען זיך נישט בלויז מיט דעם געשאפענעם. די ווירקלעכקייט האָט אונז געוויזן, אז די נויטיקייט אין הלוואות איז פיל גרעסער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. אויב מיר וועלן נישט זוכן

צו באקומען מיטלען דעם פאָנד צו פארגרעסערן, ווען מיר נישט קענען דערפילן אונזער חוב לגבי אונזערע לאנדסלייט.

די שצוצינער אין „ישראל" האָבן מיט דער הילף פון אונזערע ברידער מעבר לים געלייגט דעם גרונט־שטיין פאר דער גמילות־חסדים־קאסע. איצט בעטן מיר פון אייך: גיט אונז די הענט פון דערווייטנס, כדי מיר זאָלן קענען ווייטער פאָרזעצן אונזער הייליקע ארבעט.

עס איז כדאי צו דערמאָנען די ווערטער פון מיין באגריסונגס־רעדע ביים קבלת־פנים פון אונזערע חשובע לאנדסלייט פון ניו־יאָרק, וואָס האָבן באזוכט אין „ישראל" אין חודש מאי 1951:

מר חיים מרדכי האראָוויץ, סעקרעטאר פון דער שצוצינער סאָסייטי אין ניו־יאָרק, זיין שוועסטער הגב' רחל מייראן, מר וועלוול גאמזאָהן, אויך מר ביבלעוויץ פון קאָלאָמביא, וועלכע זענען געווען אָנוועזנד ביי דער דער־עפענונג פון גמילות־חסד־קאסע אין „ישראל". איך האָב דעמאָלט צו זיי אזוי גערעדט: אונזער חז"ל זאָגן: יעדע באשאפענע לעבעדיקע, רעדנדיקע און נישט־רעדנדיקע, פלאַנצן, ווי אויך אומבאַוועגלעכע זאַכן זאָגן יעדן פרי־מאָרגן שירה, א לויב־געזאנג פארן וועלט־באשעפער, מיט א צוגעפאסטן פסוק פון תנ"ך. פאראן א פויגל מיטן העברעאישן נאָמען „רציפי" א שוואלב. די שוואלבן האָבן א ספעציפישע אייגנשאפט. ווען זיי פילן, אז דער ווינטער קומט, נעמען זיי זיך צוזאמען משפחות־ווייז, געשלאָסן פליגל אין פליגל און טונקען זיך אונטער אין טייכן, אָדער זומפּן, און ווען דער פרילינג קומט דערוואכן זיי אויפדאָסניי לעבעדיק, א דאנק דעם, וואָס זיי זענען געבונדן איינע מיט די צווייטע צוזאמען, איינע אליין וואָלט זי קיין תקומה נישט געהאַט. דעריבער הייסן זיי „רציפי", דאָס הייסט: צוזאַמען.

דער פסוק פון זייער „שירה" — „נחמו נחמו עמי", טרייסט זיך יידיש פאָלק. זיי סימבאָליזירן אונז, ווען מיר וועלן זיך האלטן האנט־ביי־האנט

וועלן מיר מיטן אויבערשטנס הילף אויך האָבן אַן עקזיסטענץ אין דער צר־קונפט. ווענדן מיר זיך צו אלע אונזערע ברידער און שוועסטער אין דער ווייטער, ברייטער וועלט, צו וועלכע היטלערס פינצטערע עלעמענטן, ימח שמם וזכרם, האָבן ב״ה נישט דערגרייכט און זענען געבליבן ביי גוטע עקאָ־נאָמישע באַדינגונגען — גיט אונז אייערע פליגלען און לאָמיר זיך האלטן צוזאמען ווי איין משפחה.

איך גלויב, אז מיינע ערנסטע ווערטער אין מיין נאָמען, אויך אין נאָמען פון אונזער פאַרוואַלטונג, וואָס זענען איבערגעגעבן לטובת דער קופת גמילות־חסד, דער איינציקער דענקמאָל נאָך אונזער טראַגיש־אומגע־קומענע קדושים ז״ל, וועט טרעפן צו די הערצער פון אונזערע פריינט לאַנדסלייט ווי „המלוה סלע לעני בשעת דחקו״.

אויך גייט־אָן די מצוה בין לעניים ובין לעשירים, ווי אַן עני באותה שעה. אונזער איבערגעגעבנהייט בלב ונפש פאַר דער גמילות־חסדים־קאַסע איז נישט חלילה פאַר פריוואַטע צוועקן און רדיפת אחרי הכבוד.

# אפיציעלע באשטעטיקונג וועגן דער גרינדונג פון דער גמ"ח ע"ש קדושי שצוצין

מ ד י נ ת   י ש ר א ל

משרדי המינהל המחוזי, תל־אביב ת. ד. 1763, מס׳ 665/99 9493.

תאריך: ב׳ תמוז תשי"א, 6 ביולי 1951

לכב׳ יו״ר האגודה קופת גמילות חסדים על שם קדושי שצוצין־ביאליסט. בישראל הא׳ זמל ברוך רח׳ דיזנגוף 205 אצל מר ישעיהו סקובלסקי, תל־אביב.

א. נ.

בתשובה למכתבכם מיום 30.5.51 הנני מתכבד לאשר את קבלת המסמכים הבאים:

1. הצהרה בדבר ייסוד אגודה בשם „קופת גמילות חסדים על שם קדושי שצוצין־ביאליסט. בישראל״.
2. תקנות האגודה.

בכבוד רב     י. קופרמן

הממונה על מחוז תל־אביב

דער אדרעס פון פאָרזיצער איז: זעמעל ברוך, י פ ו, רח׳ 319 מס׳ 2

# די פייערלעכע דעקלאראציע פון דער שצוצינער סאסייטע אין ניו־יארק

צו דער שצוצינער לאנדסמאנשאפט אין ניו־יאָרק.

שוועסטער און ברידער און געערטע געסט!

מיר דריקן אויס אונזער צופרידנהייט מיט אייער קומען צו אונזער 50־יעריקן יובילײ.

עס איז פאר אונז א גרויסע פרייד פעסטצושטעלן, אז עס האָבן זיך אָפּגערופן א גרויסע צאָל פון אונזערע פריינט, לאנדסלייט, אָנטיילצונעמען אין אונזער שמחה. אין דעם היינטיקן באנקעט, פון דעם באנקעט, וואָס מיר האָבן געפייערט אונזער 40־יעריקן יובילײ מיט 10 יאָר צוריק, פילן מיר, אז מיר זענען אָרעמער געוואָרן אין א סך הינזיכטן. אונזער צובונד צו אונזער היים־שטאָט שצוצין איז היינט צעריסן.

מיט 15 יאָר צוריק האָבן מיר נאָך געהאט אן אדרעס. מיר האָבן נאָך געהאט אונזערע טייערע שוועסטער און ברידער, עלטערן, קרובים, און מיר האָבן נאָך געקאָנט זיי העלפן אין זייערע נויטן.

היינט האָבן מיר נישט קיין שום פארבינדונגען מיט אונזער היים־שטאָט די רוצחים (ימח שמם) האָבן פארניכטעט אונזערע טייערסטע און ליבסטע.

מיר האָבן אָבער דערלעבט א טרייסט, אז מיר האָבן זוכה געווען צו זען ווי עס ווערט פארווירקלעכט אונזער חלום פון 2000 יאָר — צו האָבן א יידישע היים מיט א יידישע רעגירונג אין ארץ־ישראל, ווו אונזער ביסל אי־

# חורבן קהילת שצוצין

בערגעבליבענע לאנדסלייט האָבן זיך געקענט ארויסראטעווען פון די פאר־שאָלטענע לענדער און אָנקומען אין מדינת ישראל, און דאָרטן שאפן א קליי־נע אָרגאניזאציע און ממשיך זיין די אמתע שצוצינער פיינקייט און טראדי־ציאָנעלע יידישקייט. דאָס איז אונזער נייער אדרעס איצט.

די שצוצינער סאָסייטי וועט פון איצט אָן ארויסווייזן א גרעסערן אינ־טערעס אין אונזערע לאנדסלייט אין מדינת ישראל און מיר וועלן פילן, אז אונזער גאָלדענער פאָדים איז נאָך נישט אינגאנצן צעריסן געווארן.

מיט די טיפסטע געפילן צו אייך אלעמען שוועסטער און ברידער און געסט פארבלייבן מיר

מיט גרוס

היימאן האָראָוויץ רעד. סעק.

שצוצינער יאנג מענס ב. א.

(פון 50־יעריקן יובליי בוך פון דער
שצוצינער סאָסייטע אין ניו־יאָרק, 18.11.50)

ישעיהו סקובעלסקי

# די גמילות־חסדים־קאסע ע״ש קדושי שצוצין

מיט צענדליקער יאָרן צוריק האָבן פון אונזער אמאָליקער געבורט־שטעטל שצוצין אַנגעהויבן עולה־זיין קיין ארץ־ישראל חלוצים און סתם עולים. אזוי זענען פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען אין ארץ־ישראל צענדליקער משפחות, צווישן זיי מעפּילים, וועלכע האָבן זיך צע־שפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. יעדער איינער איז געווען פאַריאָגט אין זיין טאָגטעגלעכער ארבעט, און האָט נישט געהאַט קיין אינטערעס צו וויסן וואָס עס מאַכט זיין פריינט און חבר, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען זיך געשפּילט און געלערנט אין איין חדר און אין איין שולע.

אזוי האָט זיך געצויגן דאָס אַרט לעבן, ביז דער ברונעם איז אויסגע־טריקנט געוואָרן. אונזער שטעטל איז פאַרניכטעט געוואָרן, אונזערע טייערסטע און ליבסטע אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך אונזערע געוועזענע שכנים פּאָליאַקן און דורך די דייטשן י״ש. אזוי איז ליקווידירט געוואָרן דאָס אָרט, פון וואַנען אונזערע לאַנדסלייט פלעגן עולה זיין קיין ישראל.

ווען ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות פון אונזער טראַגיש־פאַרבלי־בענער שארית הפליטה, האָב איך אָנגעהויבן צו זאָרגן ארויסצוהעלפן אונ־זערע געראַטעוועטע פון טויט, דורך ארויסשיקן פאַר זיי פּאַקעטן מיט שפּייז.

איך האָב זיך געווענדעט צו אונזערע לאנדסלייט און יעדער איינער האָט זיך אָפּגערופן. אָבער דאָס איז געווען א צייטווייליקע טעטיקייט. עס האָט זיך געפאָדערט הילף פון חברים לאנדסלייט. צו דעם צוועק האָב איך געשאפן א צייטווייליקן קאָמיטעט, וועלכער איז זיך פון צייט־צו־צייט צוזאמענגע־קומען און דורכגעפירט פארשידענע אקציעס.

ווען ס׳האָבן זיך געגרינדעט אין לאנד לאנדסמאנשאפטן, און יעדע שטאָט און שטעטל האָט אָנגעהויבן איינצואָרדענען אזכרות נאָך די קדושים, האָב איך אָנגעהויבן צו קלערן ווי אַזוי אָרגאַניזירט מען אונזערע לאַנדס־לייט, וועלכע געפינען זיך אין ארץ־ישראל. צופעליק האָבן מיר דערהאלטן א ידיעה, אז אין ניו־יאָרק קומט פאָר א 50 יעריקער יובל פון דער שצוצינער „סאָסייטע״. דאָס איז געווען דעם 18־טן נאָוועמבער 1950. איך האָב צונויפ־גערופן דעם צייטווייליקן קאָמיטעט, און ס׳איז באשלאָסן געוואָרן צו שיקן זיי א באגריסונגס־טעלעגראמע און א ווענדונג פון אונז, שצוצינער לאנדס־לייט, וואָס געפינען זיך אין ישראל, צו אונזערע ברידער און שוועסטער אין אמעריקע, אז ביי דער פייערונג זייערער זאָלן זיי נישט פארגעסן, אז אין ישראל זענען אָנגעקומען פרישע עולים, וואָס האָבן זיך געראטעוועט פון שצוצינער געטאָ. מיר האָבן אפעלירט צו אונזערע בני־עיר, זיי זאָלן אָננעמען א באשלוס, ווי אזוי צוזאמען מיט אונז צו פאראייביקן די קדושים אונזערע דורך א דענקמאָל־מצבה אין ישראל.

מיר האָבן דערהאלטן אן ענטפער פון מיין קוזין, סעקרעטאר פון דער שצוצינער סאָסייטע אין ניו־יאָרק ה׳ חיים מרדכי האראָוויץ. ער האָט אונז מיטגעטיילט, אז די טעלעגראמע האָט געמאכט א גרויסע ווירקונג אויף די פארזאמלטע. אויפן באנקעט איז געזאמלט געוואָרן א געוויסע סומע געלט. וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן אן אינסטיטוציע אין אמעריקע אויף ארויסצוהעלפן א משפחה זיך איינאָרדענען. דאָס האָט אונז לאנדסלייט

פארדראָסן און מיר האָבן זיך געווענדעט צו דער „סאָסייטע" אין אמעריקע, אז אַנשטאָט זיי זאָלן געבן געלט און ארויסהעלפן אן „אומבאקאנטן זעל־נער", זאָלן זיי בעסער קומען צו הילף אונזערע נייע עולים פון אונזער שטעטל. און די בעסטע מצבה צו פאראייביקן דעם אָנדענק נאָך אונזערע קדושים וועט זיין א גמילות־חסדים־קאסע לזכר קדושי שצוצין.

אונזער ווענדונג האָט געהאט דעם געהעריקן דערפאָלג. און ווען מיר האָבן באקומען די באשטעטיקונג, אז זיי וועלן אונז קומען צו הילף, האָבן מיר גלייך גערופן אונזערע לאנדסלייט אין א צאָל פון 120 חברים און נאָך אן אזכרה־אָוונט נאָך אונזערע קדושים ז"ל איז באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן א גמילות־חסדים־קאסע. ס'איז גלייך געזאמלט געוואָרן דער גרונט־קאפיטאל. די חברים האָבן זיך באלד באשטייערט מיט 5 און 10 פונט און ס'איז גע־שאפן געוואָרן א פאָר הונדערט פונט. אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון דער קופת ג"ח.

באזוך פון ה׳ חיים מרדכי האָראָוויץביים גרינדן די גמילות־חסדים־קאַסע



**עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס:** יעקב־הערש גוזאָווסקי, ישעיהו סקובעלסקי, רחל מייראן **פון אמעריקע**, חיים־מרדכי האָראָוויץ, **סעקרעטאר פון דער שצוצינער סאָסייטע אין ניו־יאָרק**, שלמקה שיינבערג און ברוך פישל זעמעל. **עס זיצן אין דער 2־טער רייע:** סארנא אברהם־יצחק און ליבה סקובעלסקי. **עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס:** באשקי פארבאראָוויץ, שמואל שיינבערג, מרים שטייגמאן, פשקה סקובעלסקי, חוה שיינבערג, העניעק שטייגמאן, זעלדה פארבער, עטל שיינבערג, יאנקל גאָלדמאן, מינדל גוטשטיין, ציגאַן רייזל, ווילענסקי רבקה, יאנקל שאראשאָוו, רחל גרינפעלד, לייקה זעמעל, גאמזאָן און חוה סולקי קאצפּראָווסקי

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט אונז באַזוכט דער סעקרעטאַר פון דער ניו־יאָרקער „סאָסייטע" ה' חיים מרדכי האָראָוויץ מיט זיין שוועסטער, פרוי רחל מיירן. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר זיי א פייערלעכער קבלת־פנים. אויך האָט דאָ געווײלט ה' ווילים גאַמזאָן פון אַמעריקע. זיי האָבן מנדב געווען א סומע געלט אין נאָמען פון דער שצוצינער סאָסייטע. שפּעטער איז געקומען ה' צבי ביבלאָוויץ מיט זיין פרוי פון קאָלומביע. זיי האָבן אויך מנדב געווען א סומע געלט אויף צו פירן די גמילות־חסדים־קאַסע.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו געבן די חברים הלוואות. צוערשט צו 50 פונט און שפּעטער צו 100 פונט. לעצטנס האָבן מיר באַקומען א הלוואה פון דער צענטראַלע ג"ח, א סומע פון 500 פונט צוריקצוצאָלן אין פאַרלויף פון 5 יאָר אָן פּראָצענט. ביז איצט האָבן באַקומען הלוואות 17 חברים. לויט זייער באַשעפטיקונג: 12 בעלי־מלאכות, 3 באַאַמטע, 1 פּאָליציאַנט און בלויז 1 געשעפטסמאַן, אַן אייגנטימער פון א סאָדע־וואַסער קיאָסק. אַלע חברים, וואָס באַקומען די הלוואות צאָלן פּינקטלעך די וועקסלען אין דער באַנק הלואה וחסכון, מיט וועלכער מיר זענען פאַרבונדן.

מיר האָבן זיך געווענדעט מיט א רוף צו אונזערע לאַנדסלייט אין דער וועלט, אַז זיי זאָלן אונז העלפן פאַרשטאַרקן אונזער ג"ח־קאַסע. ס'האָט זיך אָפּגערופן אונזער טייערער חבר יוסף שערעשעווסקי. ער האָט אונז גע־מאָלדן, אַז ער מיט זיין שוועסטער גוטקע און ברודער אלימלך און שלום גראַיעווסקי, וועלן אונז העלפן מיט וואָס זיי וועלן קענען. שערעשעווסקי איז א חבר, וואָס האָט צוזאַמען מיט אונז, זייענדיק אין שצוצין, שטענדיק גע־אַרבעט פאַרן ציוניסטישן אידעאַל. ער האָט געפונען פאַר נויטיק ווייטער פאָרצוזעצן זיין טעטיקייט און שטיין מיט אונז אין קאָנטאַקט צו העלפן זיינע לאַנדסלייט.

מיר האָפן, אַז אונזערע לאַנדסלייט אין דער וועלט וועלן פאַרשטיין, אַז דער ציל, וואָס מיר שצוצינער לאַנדסלייט אין ישראל, האָבן זיך גע־שטעלט: נעמלעך: צו היטן די מצבה נאָך אונזערע קדושים ז״ל, איז זייער א גרויסער און זיי וועלן קומען צו הילף, כדי מיר זאָלן קאָנען פאַרגרעסערן דעם פאָנד, וואָס איז הייליק און טייער פאַר אונז לאַנדסלייט.

מיט א צייט צוריק האָבן מיר דערהאַלטן א מתנה פון אונזערן א לאַנדסמאַן פון אורוגוויי, ה׳ רוזנבוים, ברוך דעם גלעזערס א זון. ער האָט אונז געשיקט א ראַדיאָ־אַפּאַראַט דורך זיינעם א זון, וואָס איז געקומען אין ישראל. דער ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָט אין דער קאַסע אריינגעבראַכט א סומע פון 360 פונט.

גלייכצייטיק האָבן זיך אָפּגערופן אונזערע חשובע לאַנדסלייט פון קובא, מיט ה׳ יצחק משה וואפינסקי בראש, וועלכע האָבן וואַרעם זיך אָפּ־גערופן אויף אונזער ווענדונג און צוגעזאָגט הילף.

די שצוצינער „סאָסייטע״ אין ניו־יאָרק געפינט זיך מיט אונז אין א שטענדיקן קאָנטאַקט און זי בילדעט די הויפּט־קוועלע פון אונזערע הכנסות.

די דאָזיקע באַציאונג פון אונזערע לאַנדסלייט באַווייזט, ווי טייער עס איז ביי יעדן איינעם פון זיי, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען, אונזער אלעמענס גמילות־חסדים־קאַסע בישראל ע״ש קדושי שצוצין.

אין פאַרלויף פון די 2 יאָר זינט עס עקזיסטירט אונזער קאַסע, האָבן מיר אַרויסגעגעבן 52 הלוואות צו 150 פונט, אויסצוצאָלן צו 10 פונט א חודש. א דאַנק דעם, וואָס די חברים צאָלן פּינקטלעך, קענען מיר געבן הלוואות. געוויינטלעך, ווען אונזער קאַפּיטאַל וואָלט געווען א גרעסערער, וואָלטן מיר געגעבן גרעסערע הלוואות.

איך וויל באַמערקן, אַז אפילו פון אמעריקע האָט זיך געווענדעט צו אונז א לאַנדסמאַן מיט א ביטע צו געבן זיינעם א פריינד דאָ אין ישראל

א הלוואה. מיר זענען אנטקעגנגעקומען זיין ביטע. אונזער חשובער לאנדס־מאן פון אמעריקע האָט שוין דערליידיקט זיין הלוואה.

דער ווייטערדיקער וווקס פון דער גמילות־חסדים־קאסע ווענדעט זיך שוין אין אייך — אונזערע טייערע לאנדסלייט אין דער גרויסער וועלט.

מיר דאָ ארופן אָרט טוען אלץ, כדי צו פארגרעסערן די קאסע און פאר־ברייטערן איר טעטיקייט, ווייל מיר האלטן, אז די גמ״ח ע״ש קדושי שצוצין איז די הייליקע מצבה אויף די נישט זעבארע קברים פון אונזערע טייערסטע און נאָענטסטע.

אין דער לעצטער צייט האָבן אונז באזוכט אין ישראל פיל לאנדסלייט פון אונזער שטאָט: ה׳ משה וויינגרובסקי מיט זיין פרוי פון פילאדעלפיע האָט געשאָנקען אונזער גמ״ח א שרייב־מאשין. פרוי ליבערמאן פון אמעריקע האָט געשאָנקען א סומע געלט. ה׳ שיינבערג חיים־בערצי מיט זיין פרוי פון אויסטראליע האָבן מנדב געווען א שיינע סומע געלט פאר אונזער קאסע. עס האָט אונז אויך באזוכט ה׳ אליעזר קיימאן פון אויסטראליע און האָט מנדב געווען לטובת דער ג״ח־קאסע.

אין חודש דעצעמבער 1953 האָט אונז באזוכט ה׳ חיים סאָוויצקי מיט זיין פרוי פון אויסטראַליע. ער האָט אונז געשאנקן אַ סומע געלט, כדי מיר זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרענדיקן מיט׳ן אַרויסגעבן אונזער יזכור־בוך.

געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס העלפן בויען אונזער גמילות־חס־דים־קאסע על שם קדושי שצוצין ז״ל.

ראובן פינקעלשטיין

# אלטע און נייע גמילות-חסדים קאסע

מיטן גרינדן די גמילות חסדים קאסע דאָ אין ישראל ע״ש קדושי שצוצין איז נישט געשאפן געוואָרן קיין נייעס. עס ווערט פאַרגעזעצט א טראדיציע פון קעגנזייטיקער הילפס־טעטיקייט פון אונזער אלטער היים, וועלכע איז פאר אונז אָפּגעמעקט געוואָרן.

עס האָבן זיך געענדערט די באדינגונגען, געביטן דאָס אָרט — דאָס פרעמדע גלות־לאנד פוילן — אויף אונזער באפרייטן אלט־נייעם היימלאנד ישראל און די שטאָט שצוצין אויף תל־אביב.

שצוצין האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן פאר אונז אלס יידישער ישוב, פון די דאָרטיקע טויזנטער האָבן מיר דאָ א קליינע צאָל שארית הפליטה, וועלכע טראָגט מיט זיך ווייטער די איינגעוואָרצלטע טראדיציאָנעלע גוטע מידות פון אלו דברים שאין להם שיעור...

די איצטיקע פארוואלטונג פון דער גמילות־חסדים קאסע איז נאָר ממשיך די ארבעט פון יענע דורות, אָנגעזאַפּט מיט יידישקייט, וואָס האָבן געזאָרגט פאר אָפּהיטן דעם וכי ימוך אחיך... אזוי ווי עס האָט אונז געלערנט אונזער תורה.

די איצטיקע פארוואלטונג פון דער גמילות־חסדים קאסע היט די מסורת פון יענע קדושי שצוצין, וואָס האָבן מיט מסירות נפש זיך אָפּגעזאָגט פון אייגענע אינטערעסן, כדי צו פארגרעסערן די קאסע און צו געבן הילף אלע נויטבאדערפטיקע אָן אויסנאם פון שיכט און קלאס.

פונקט ווי דאָרט אין אונזער אלטער היים שצוצין, אזוי אויך דאָ, זענען אלע, מיטגלידער אין דער קאסע און טראָגן די פליכטן פון צאָלן די באשטייערונגען; דעם פארמעגלעכן, פארשטענדלעך, נוצט נישט אזא הלוואה, די איצטיקע איבערגעגעבנהייט דערמאָנט נאָר די פארוואלטונג און רעווידיר קאָמ.. וואָס זענען בלב ונפש געווען שטענדיק איבערגעגעבן צו זיין טעטיק לא על מנת לקבל פרס...

פונקט ווי דאָרט האָט אויך דאָ יעדער זיין זאָרג אין פריוואטן לעבן און דאגת פרנסה. עס ווערט אָבער נישט געקארגט קיין צייט צו היטן און האלטן די קאסע אויף איר געהעריקער מאָראלישער הויך. און ארויסצוווייזן די גרעסטע איבערגעגעבנהייט און אָפּהיטן דעם פסוק ואהבת לרעך כמוך...

ברודער, פריינט און שכן זענען דאָרט געווען די זשיראנטן, וואָס האָבן מעגלעך געמאכט דעם נויטבאדערפטיקן צו באקומען די הלוואה און דאָס געלט זאָל אין געהעריקער צייט צוריק ארייגפליסן אין קאסע, אין דער פאָרם, איז דאָרט געפירט געוואָרן די ארבעט פאר קאָנסטרוקטיווער הילף און דאָ אין מדינת ישראל ווערט זי ווייטער פאָרגעזעצט; דער זשיראנט איז די גאראנטיע פארן געלט און מיט דעם ווערט אָפּגעהיט כדין וכדת דער פסוק פון פ׳ משפטים: אם כסף תלוה...

די גמילות־חסדים קאסעס ווערן געבויט ביי יידן אויפן יסוד פון פסוק „אם כסף תלוה״... עס איז כדאי צו דערמאָנען, ווי ביי דער שצוצינער גמילות חסדים קאסע איז שבת פ׳ משפטים געווען א פייערלעכער יום טוב. אלע חברות אין שצוצין האָבן געהאט זייערע אויסדערוויילטע באשטימטע יום־טוב טעג און אין יומא דפגרא איז פון יעדער חברה איינגעאָרדנט גע־ווען אויף איר שטייגער א סעודת־מצוה. די סעודת־מצוה איז אין דער חברה פון גמילות־חסד פאָרגעקומען יאָר־יערלעך שבת פ׳ משפטים. נאָך תפילת שחרית האָט מען געטרונקען „לחיים״. מער פון 500 מיטגלידער האָט

געציילט די קאסע, בערך 400 זענען געווען די באזוכער צו טרינקען פון מצווה־כוס, ווינטשענדיק איינער דעם צווייטן לחיים! לחיים! לשנה הבאה!..
אזוי האָט זיך געצויגן א צייט לאנג, ביזן גרעסטן טראגישן אומקום — זיי האָבן נישט זוכה געווען צו דעם לשנה הבאה...

די קאסע איז דאָרט פארגרעסערט געוואָרן פון זעלבסט־באשטייערונ־גען, פארשידענע זאמל־אקציעס און אויך באקומענע הילף פון ברידער און פריינט אין דער וועלט. באדייטנד גרויס איז געווען די הילף פון „דזשאָינט" אין ווארשע.

צוזאמען מיטן וווקס פון דער קאסע איז דאָרט איבערגעוואקסן די נויט און אָרעמקייט, מיטן זאָרג פאר ברויט טאָג־טעגלעך, איז מיטגעגאנגען דער צער גידול בנים, נישט פאָראויסזעענדיק א תכלית פאר קינדער, — דער ווונטש פון „לחיים" און „לשנה הבאה" האָט געהאט פיל באדייטונג, זיכער וואָלטן אונזערע טאטעס, מאמעס, שוועסטער און ברידער אלע צרות איבערגעלעבט, ווען נישט די גרויזאמע אקציעס פון די דייטשן בשותפות מיט אונזערע שכנים — אין דער לאָזונג פון יידן־אויסראָטונג — און מאכן „יודען ריין"...

זיי האָבן זייער אויסראָטונגס־פּלאַן דורכגעפירט. עס איז פאר אונז נישט געבליבן אפילו דאָס הייליקע אָרט צו גיין אויף קבר אָבות און נישט קיין באשטימטן זיכערן יאָרצייט־טאָג צו היטן...

די גמילות־חסדים קאסע ע"ש קדושי שצוצין איז דאָ אונזער מצבה.
אן אָנדענק פאר אונז פארשניטענער הייליקער קהילת שצוצין.

די מצווה פון גמילות חסדים קאסע, א זכות פאר די נשמות הקדושים און פאר אונז — ווי א מצבה־שטיין, וואָס דערמאָנט אונז אין אונזערע נאָ־ענטע, אונזערע קדושי שצוצין.

# ארגון יוצאי שצוצין

## וקופת גמילות חסדים ע"ש קדושי שצוצין ז"ל בישראל

תל־אביב, רח' דיזנגוף 205, טלפון: 20855.

# דין וחשבון

של הקופה שלנו „קופת גמילות חסדים

מיום 6.5.1951 עד

| | מאזן הקופה | | |
|---|---|---|---|
| | תשי"א ליום 1.10.51 פר' ל"י | תשי"ב ליום 1.10.52 פר' ל"י | תשי"ג ליום 1.10.53 פר' ל"י |
| **אקטיב** | | | |
| 1. במזומנים ובבנקים | 74.566 | 143.349 | 48.159 |
| 2. הלואות לחברים | 720.000 | 2259.852 | 3807.300 |
| 3. אגרות חוב ומלוות ממשלתיות | — | — | 10.852 |
| 4. הוצאות | 112.934 | 151.148 | 152.958 |
| סה"כ | 907.500 | 2554.349 | 4019.269 |

# מחזור ההלו

| | כמו |
|---|---|
| | תשי"א |
| 1. הלואות חולקו ללווים | 9 |
| 2. הסכום הכולל שחולק ללווים בתור הלואות | |
| 3. נפרע במשך השנה ע"י הלווים ע"ח חובותיהם | |

# פירוט ההלואות וח

לפי מקצ

1. לבעלי מלאכה
2. לרוכלים, קיוסקים
3. פועלים, פקידים
4. מורים, שוטרים וכו'

ת"א, יום 21.10.53

דער אלגעמיינער באריכט פון דער גמילות חסדים קאסע ע״ש
קדושי שצוצין ז״ל פון איר אנשטייאונג פון 6.5.51 ביז 1.10.53

# ון כללי

קדושי שצוצ׳ין ז״ל בישראל

.1.10.1953

הקופה נוסדה ביום 6.5.1951

| פסיב | תשי״א ליום 1.10.51 פר׳ ל״י | תשי״ב פר׳ ל״י ליום 1.10.52 | תשי״ג ליום 1.10.53 פר׳ ל״י |
|---|---|---|---|
| | מאזן הקופה | | |
| 5. הון עצמי (מתרומות, נדרים, דמי־חבר) | 907.500 | 2314.349 | 3729.269 |
| חוב למרכז לגמ״ח (של הסוכנות והמפדה) | — | 240.000 | 180.000 |
| ו. פקדונות (חובות למוסדות ולפרטים) | — | — | 110.000 |
| | 907.500 | 2554.349 | 4019.269 |

## אות מיום 16.8.1951 עד 1.10.1953

| ז הלואות | תשי״א פר׳ ל״י | תשי״ב פר׳ ל״י | תשי״ג פר׳ ל״י |
|---|---|---|---|
| ושי״ב תשי״ג | | | |
| 26 29 | | | |
| | 720.00( | 2259.852 | 4445.000 |
| | — | 1485.000 | 2685.250 |

הערה:
השנה לא הוכנסו שום הוצאות.

יו״ר: ברוך זמל

גזבר ומנהל פנקסים:
ישעיהו סקובלסקי.

## חולקו ע״י הקופה

..לווים.

| | תשי״א | תשי״ב | תשי״ג |
|---|---|---|---|
| | | 3 | 3 |
| | | 2 | 5 |
| | 8 | 15 | 18 |
| | 1 | 6 | 3 |
| סה״כ | 9 | 26 | 29 |

# געוועזענע איינוווינער פון שצוצין
# איצטיקע ישראל תושבים

**א**

| | | |
|---|---|---|
| 1. | אזעראַוויטש משה | |
| 2. | אַזעראַוויטש חנה | |
| 3. | אַזעראַוויטש מרים | |
| 4. | אַזעראַוויטש רבקה | לייבול אַזעראַוויטש, טאָכטער |
| 5. | אראַנסאָן אברהם | משה־חיים׳ס אן אייניקל |
| 6. | אראַנסאָן ברוך | |
| 7. | אפשטיין איטקה | ד. לייבולס יערוחאמאָוויץ טאָכטער |
| 8. | אביעדזינסקי איטקה | משה אביעדזינסקי׳ס א טאָכטער |

**ב**

| | | |
|---|---|---|
| 9. | בראנדענבורג רחל | |
| 10. | ביאלישעווסקי איטקה | |
| 11. | ביאלישעווסקי גיילה | |
| 12. | בערמאן שלמה | מנחם דעם שמש פון שול א זון |
| 13. | בערמאן מאיר | מנחם שמש פון שול אן אייניקל |
| 14. | בורשטיין צירעל | פסח יאקאָבי׳ס א טאָכטער |
| 15. | בעזסמערטני דב | יעקב ראָזענטאל׳ס אן אייניקל |

**ג**

| | | |
|---|---|---|
| 16. | גוטשטיין מינדול | |
| 17. | גוטשטיין שירקה | |
| 18. | גוזאָווסקי יעקב הערש | |
| 19. | גוזאָווסקי העלקי | |
| 20. | גרינפעלד מאיר | פייוול דעם רופא׳ס א זון |

| | |
|---|---|
| 21. גרינפעלד רחל | יחצקאל מגידס א טאָכטער |
| 22. גרינפעלד צפורה | מאיר גרינפעלד׳ס טאָכטער |
| 23. גרינפעלד רבקה | " " " |
| 24. גאָלדמאַן יעקב | |
| 25. גאָלדמאַן אלטע | איטשע קאצפּראָווסקעס טאָכטער |
| 26. גאָלדמאַן שרה־עטקה | גאָלדמאַנס טאָכטער |
| 27. גאָלדפארב אברהם | איצקה דעם שוסטערס א זון |
| 28. גראיעווסקי ישראל | שלום סטאַוויסקערס א זון |
| 29. גראָסמאַן שלום אליעזר | |
| 30. גראָסמאַן רפאל | |
| 31. גראָסמאַן משה | |
| 32. גאמזאַן אברהם | |
| 33. גאמזאַן בערטה | גרשון׳ס טעכטער |
| 34. גאמזאַן רבקה | " " |
| 35. גאמזאַן פרומה | " " |
| 36. גאמזאַן חיה | " " |

## ד

| | |
|---|---|
| 37. דאָרף מאטול | מאיר מאליצאַקס א זון |
| 38. דאלינסקי יהודה | יעקב׳ס א זון |
| 39. דענעמארק משה | " " |
| 40. דענעמארק פרידה | יאנקול שאראשוב׳ס א שוועסטער |
| 41. דזבאניצקי בלקה | |
| 42. דזבאניצקי רחל | |
| 43. דזבאניצקי רעגינה | |

## ה. ו.

| | |
|---|---|
| 44. ווערטמאן יצחק | לייזער דעם היטלמאכערס א זון |
| 45. ווילענסקי רבקה | יחזקאלס מגידס א טאָכטער |

## ז

| | |
|---|---|
| 46. זעמעל ברוך פישול | |
| 47. זעמעל חיה | |
| 48. זעמעל לאה | |
| 49. זייפערט יצחק | |
| 50. זייפערט לייבול | |
| 51. זייפערט באשקי | |
| 52. זייפערט אסתר | |
| 53. כעלחאווסקי בערל | יהושע דעם לערערס א זון |
| 54. כעלחאווסקי בתיה | יחזקאל וואנסאווסקעס א טאָכטער |

## י.

| | |
|---|---|
| 55. יערוחאמאָוויץ ראובן | ישראל׳ס א זון |
| 56. יאקובאָווסקי אברהם | שמואל׳קעס א זון |
| 57. יאקובאָווסקי ראובן | „ „ |

## ל.

| | |
|---|---|
| 58. לייזערזאָן אברהם | זלמן׳ס א זון |
| 59. לייזערזאָן שרה | אלטער׳ס א טאָכטער |
| 60. ליבערמאַן אליהו | |
| 61. ליבערמאַן שמואל | |
| 62. ליבערמאַן פייוול | |
| 63. ליבערמאַן רחל | |
| 64. לינדזבערג אברהם | |
| 65. ליכטענשטיין מענדול | יצחק יאנקל׳ס א זון |
| 66. ליכטענשטיין אברהם | זיידה דעם קצב׳ס א זון |
| 67. לעוואר אברהם | קאָפול דעם שמיד׳ס א זון |
| 68. ליכטענשטיין מאיר | חיים דעם שניידערס קינדער |
| 69. ליכטענשטיין זלמן | " " " " |
| 70. ליכטענשטיין יצחק | " " " " |
| 71. ליכטענשטיין מנחם | " " " " |
| 72. ליכטענשטיין מאשא | " " " " |
| 73. ליכטענשטיין רבקה | " " " " |
| 74. לעוויטה יצחק יעקב | זלמן דעם סופר׳ס א זון |
| 75. לייבזאָן פרעדעק | יאָסל׳ס זון |
| 76. לייבזאָן לאָלעק | " " |

## מ.

| | | |
|---|---|---|
| 77. | מארקוס דבורה | |
| 78. | מארקוס חנה (גאָלאָמבעק) | |
| 79. | מלינארזעוויץ ליבה | יששכרס קינדער |
| 80. | מלינארזעוויץ אברהם שלמה | " " |
| 81. | מלינארזעוויץ מאיר | " " |
| 82. | מלינארזעוויץ גיטל | " " |
| 83. | מישקאָווסקי לייבול | יחזקאלס היטלמאכערס קינדער |
| 84. | מישקאָווסקי עטקה | " " " |
| 85. | מייזלער משולם | סטאַוויסקער׳ס ראש הישיבה׳ס זון |
| 86. | מיכאלסקי פישול | |
| 87. | מאגיד רייזל | דעם צוקערקי מאכערס א טאָכטער |

## ס.

| | | |
|---|---|---|
| 88. | סקובעלסקי ישעיהו | |
| 89. | סקובעלסקי פעשקי | בינימצ׳עס אן איינילק |
| 90. | סקובעלסקי ליבה | |
| 91. | סקובלסקי עטקע | |
| 92. | סארנה אברהם יצחק | יאָסל דעם מילנערס פון גראיעווא |
| 93. | סארנה רייזל | |

| | |
|---|---|
| 94. סטודניק חנה | |
| 95. סטודניק סימה | |
| 96. סאָסנאָווסקי פייגה | לייבול דעם טרעגערס טאָכטער |
| 97. סאָסנאָווסקי בלקה | " " " " |
| 98. סימענסקי ברוך | |
| 99א. סימענסקי חיים | |
| 99ב. סימענסקי יצחק | |
| 100. סאוויצקי חיה | איצה סאוויצקעס א טאָכטער |
| 101. סאוויצקי יונה | ישראל סאוויצקעס אן אייניקל |

## פ.

| | |
|---|---|
| 102. פארבאראָוויץ משה | |
| 103א. פארבאראָוויץ לאה | |
| 103ב. פארבאראָוויץ באשקי | לייבל פארבאראָוויץ׳ס ווייב |
| 104. פינקעלשטיין ראובן | |
| 105. פיגובסקי חוה | |
| 106. פיגובסקי עטקה | |
| 107. פארבער זעלדה | |
| 108. פינקעלמאַן יואל | דעם בעקערס א זון |
| 109. פינקעלשטיין וועלוול | הערשל עזרא׳ס שלאָסערס א זון |
| 110. פיקעל חנה רייזל | שמואל בעריס א טאָכטער |
| 111. פאניץ יעקב | יוסף פאניץ׳ס א זון |
| 112. פינטעל זעלדה | דעם חזן׳ס א טאָכטער |

| | |
|---|---|
| 113. פלוצינסקי שושנה | |
| 114א. פינקעלשטיין חיים | |
| 114ב. פערלה יחזקאל | ליטמאַן סטודניק׳ס און איידעם |

צ.

| | |
|---|---|
| 115. ציגאַן משה | אברהם ח. פינקעלשטיין׳ס אייניקל |
| 116. ציגאַן רייזל | חיים אלי דענעמאַרק׳ס א טאָכטער |

ק.

| | |
|---|---|
| 117. קאַנעל צבי | ר׳ יאָסעלעס זצ״ל רב׳ס קינדער |
| 118. קאַנעל חיה פייגול | ״ ״ ״ ״ |
| 119. קאָלאָדני אשר | |
| 120. קאָלאָדני פראַדל | |
| 121. קאָלאָדני שמואל | |
| 122. קאָלאָדני פייגול | |
| 123. קאָזלאָוויץ גדליהו | [redacted] |
| 124. קאָזלאָוויץ מיכאל | |
| 125. קאָזלאָוויץ דב | |
| 126. קאָזלאָוויץ | |
| 127. קאָזלאָוויץ | |
| 128. קייזער יעקב | |

| | |
|---|---|
| 129. קייזער גוטקי | יוסף פאניץ׳ס א טאָכטער |
| 130. קאצפעראָווסקי חינקה | איצה קאצפעראָווסקי׳ס קינדער |
| 131. קאצפעראָווסקי חוה סולקי | " " " |
| 132. קיעק אלטער | שלמה יודל׳ס קיעק אן אייניקל |

## ר.

| | |
|---|---|
| 133. רוזה משה | |
| 134. רוזה חיה | |
| 135. ראָזען יהושע | פנחס ראָזען׳ס קינדער |
| 136. ראָזען שפרה | " " " |
| 137. ראָזען מערקי | " " " |
| 138. ראָזענטאל יהודית | נחמיה ראָזענטאל׳ס קינדער |
| 139. ראָזענטאל פולקי | " " " |
| 140. ראטעראזען רבקה | אלטער ראָטעראזען׳ס אַ טאָכטער |
| 141. ראָזענסאָן מאיר | אהרון זעליג שלייפערס א זון |
| 142. רעמבא חיים | משה מיכל׳ס א זון |

## ש.

| | |
|---|---|
| 143. שיינבערג הלל | |
| 144. שיינבערג חיים | |
| 145. שיינבערג דבורה | װעװעס װייב |

| | |
|---|---|
| 146. שיינבערג שלמקה (יעקב) | וועוועס קינדער |
| 147. שיינבערג חוה | " " |
| 148. שיינבערג עטול | " " |
| 149. שטייגמאן יחזקאל | |
| 150. שטייגמאן מרים | |
| 151. שטייגמאן זעליג | |
| 152. שטייגמאן חעניעק | |
| 153. שיינבערג שמואל | |
| 154. שיינבערג נחמה | |
| 155. שיינבערג שלמה | יעקב שיינבערג׳ס א זון |
| 156. שטערן לייבול | יחזקאל שטערן׳ס א זון |
| 157. שקלארזעווסקי נחום | משה׳ס א זון |
| 158. שאראשאָוו יאנקול | |
| 159. שווארצבערג אביעזר | שמעון׳ס א זון |
| 160. שווארצבערג ישראל | " " |
| 161. שיינבערג זעלדה | |
| 162. שיינבערג חנצ׳ה | |
| 163. באָרענשטיין חנה | |
| 164. גוטמאן באשקי | לייבקי גוטמאן׳ס א טאָכטער |
| 165. ווילאמאָווסקי דוד | לחמן׳ס א זון |
| 166. ראָזענבאום חיים | ברוך גלעזערס אן איניקל |
| 167. סעגאלאָוויץ גיטל | זונדול שלאָסערס׳ס קינדער |
| 168. קאופמאן יצחק | " " " |
| 169. בעריס לייבל | יחזקאל׳ס א זון |
| 170. בעריס חנה | שלמה׳ס א טאָכטער |
| 171. בריסקין פערל | |
| 172. גראזימאָווסקי | |
| 173. וועליגשטיין וועלוול | מינדל גוטשטיין׳ס א זון |
| 174. סקלאזשעווסקי לייבל | |

## די פארוואלטונג און רעוויזיאנס־קאמיסיע
## פון גמילות חסדים קאסע א. נ. קדושי
## שצוצין זענען פאלגנדע:

ה״ה: ברוך פישל זעמעל — פאַרזיצער

הלל שיינבערג — וויצע־פאַרזיצער

ישעיהו סקובעלסקי — קאסירער

שלמקה שיינבערג — סעקרעטאר

מאיר גרינפעלד

מאָטל דאַרף

משה אַזעראָוויץ

מינדל וועליגשטיין (גוטשטיין)

און ראובן פינקעלשטיין

ווענדונגען צו אונזער ארגון יוצאי שצוצין און גמילות־חסדים־קאסע לויט פאָלגנדן אדרעס:

ישעיהו סקובעלסקי, תל־אביב, דיזנגוף 205.

טעלעפאָן 20.855

# אינהאלט:

| | | | זייט |
|---|---|---|---|
| הקדמה — אין העברעאיש און יידיש | — | ישעיהו סקובעלסקי | 3 |
| יידן אין שצוצין ביזן חורבן | — | ישעיהו סקובעלסקי | 7 |
| די קאָאָפּעראַטיווע באַנק אין שצוצין | — | ברוך פישל זעמעל | 40 |

## דער חורבן שצוצין

| | | | |
|---|---|---|---|
| אזוי זענען פארפייניקט געוואָרן די שצוצינער יידן | — | חיה סאַיקאַ־גאָלדינג | 44 |
| אומקום פון די יידן אין שצוצין | — | (דאָקומענט) | 62 |
| מיינע איבערלעבונגען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה | — | משה פארבאַראָוויץ | 66 |
| מיינע איבערלעבונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה | — | פישל מיכאלסקי | 87 |
| דאָס לעבן אין א ביאַליסטאָקער בונקער | — | חיה גאָלדינג־קיימאן | 90 |
| די לעצטע נאכט מיט מיינע קינדער אין ביאַליסטאָקער טורמע | — | חיה גאָלדינג־קיימאן | 99 |
| שצוצין — מיין אלטע היים | — | ראובן פינקעלשטיין | 110 |
| תפילת אזכרה און אל מלא רחמים נאָך דער פארטיליקטער שצוצינער קהילה | — | | 112 |

## שצוצינער יידן לעבן ווייטער
## די אנטשטייאונג פון דער גמילות חסדים קאסע ע״ש קדושי שצוצין ז״ל בישראל

| | | | |
|---|---|---|---|
| צום אָנדענק פון אונזערע קדושי שצוצין | — | ברוך פישל זעמעל | 116 |
| די גרויסע מצווה פון גמילות חסדים | — | מאיר גרינפעלד | 119 |

זייט


| | | | |
|---|---|---|---|
| אָפיציעלע באשטעטיקונג וועגן דער<br>גרינדונג פון גמ״ח ע״ש קדושי שצוצין | — | (דאָקומענט) | 123 |
| די פייערלעכע דעקלאראציע פון דער<br>שצוצינער סאָסייטע אין ניו־יאָרק | — | היימאַן האַראָוויץ | 124 |
| גמילות־חסדים־קאסע ע״ש קדושי שצוצין | — | ישעיהו סקובעלסקי | 126 |
| אלטע און נייע גמילות חסדים קאסע | — | ראובן פינקעלשטיין | 133 |
| דער אלגעמיינער באריכט פון גמ״ח־קאסע | — | | 136—137 |
| געוועזענע איינוווינער פון שצוצין —<br>איצטיקע ישראל־תושבים | — | | 138 |
| די פארוואלטונג און רעוויזיאָנס־קאָמיסיע<br>פון דער גמ״ח־קאסע | — | | 147 |

# רשימה פון בילדער :


| | זייט |
|---|---|
| 1. די גרויסע שול | 6 |
| 2. מארק־גאס מיטן גערטנדל אינדערמיט | 8 |
| 3. די שול און די פּאָסט | 9 |
| 4. א מארק־טאָג | 10 |
| 5. דער אָרון קודש אין דער גרויסער שול | 12 |
| 6. הרב הגאון ר׳ יאָסעלע זצ״ל | 13 |
| 7. די לערער פון דער „פּאָושעכנער״ שול | 15 |
| 8. די פארוואלטונג „בני־ציון״ אין יאָר 1917 | 17 |
| 9. די פארוואלטונג „בני־ציון״ אין יאָר 1926 | 18 |
| 10. „קרן־היסוד״־קאָמיסיע | 19 |
| 11. „קרן־קימת״־קאָמיסיע | 20 |
| 12. „קרן־קימת״־קאָמיסיע | 21 |
| 13. „קרן־קימת״־באזאר | 22 |
| 14. „קרן־קימת״־קאָמיסיע | 23 |
| 15. די פארוואלטונג פון „הרצליה״ | 24 |
| 16. די פארוואלטונג פון „החלוץ״ | 25 |
| 17. דער „החלוץ״ אין יאָר 1925 | 26 |
| 18. א גרופּע פון דער הכשרה־קיבוץ | 27 |
| 19. די פארוואלטונג פון „השומר הצעיר״ | 28 |
| 20. דער „החלוץ״ אין יאָר 1931 | 29 |

| | |
|---|---|
| | זייט |
| 21. העברעאישע אָוונט־קורסן אין יאָר 1917 | 31 |
| 22. ביבליאָטעק־קאָמיסיע | 32 |
| 23. ביבליאָטעק־קאָמיסיע | 33 |
| 24. ביבליאָטעק־קאָמיסיע ביים ק. ק. ל. | 34 |
| 25. דראמאטישער קרייז | 35 |
| 26. דראַמאַטישער קרייז | 36 |
| 27. די פארוואלטונג פון לינת הצדק אין 1916 | 37 |
| 28. די פארוואלטונג פון גמ"ח־קאסע אין 1930 | 38 |
| 29. די פארוואלטונג פון באנק | 42 |
| 30. אספת אבל ט"ו כסלו תשי"ג | 114 |
| 31. באזוך פון ה' חיים מרדכי האָראָוויץ ביים גרינדן די ג"ח־קאַסע | 129 |